## דער כשר׳ער רעסטאָראַן.

אין אַ רעסטאָראַן, וואס איז בעקאַנט מיט זיינע פוילע קעל-נער, וואס דערלאַנגען עסען די געסט דויערט זעהר לאַנג, איז אריינגעקומען אַ פרומער איד און געהייסען געבען מיטאָג.

נאָכ׳ן פליישיגען מיטאָג האָט ער זיך באַלד געהייסען גע-בען אַ גלאָז מילך, איז מען צו איהם צוגעגאַנגען און געפרעגט:

— היתכן, אַזאַ פרומער איד זאָל דאָס טהון?

— איידער מען וועט מיר דערלאַנגען דאָס גלאָז מילך — האָט דער איד געענטפערט — וועט סיי ווי געדויערן זעקס שעה.

---

## ער וויל באַגראָבען אַ איד.

אַ גרויסער אַנטיסעמיט, וואס האָט גע׳שמט אַלס דער פאַר-ביסענער יודענפיינד, איז איינמאָל קראַנק געוואָרען און ווען ער האָט געהאַלטען פאַר׳ן טויט, איז ער שנעל אויפגעזעסען און זיך געהייסען רופען דעם רב, ווייל ער וויל זיך מגייר זיין.

אַלע אין שטוב האָבען איהם באַוואָרפען מיט פראַגען: „הא, דו וועלכער האָסט אַזוי אידען, געהסטו איצטער אַליין ווערען אַ איד?"

דערויף האָט ער געענטפערט:

— איך טהו דאָס, צו וועלכען איך האָב געשטרעבט מיין גאַנץ לעבען, איך וויל אַצינד באַגראַבען נאָך אַ איד.

---

## ווער עס דאַרף קומען פריהער.

דער זייגער ווייזט שוין די שעה און איהר חתן האָט גע־דאַרפט קומען און איז נישטאָ. פון גרויס עגמת־נפש איז זי גע־פאַלען אין חלשות, מען האָט איהר געגומען מינטערען, זי האָט קוים ארויסגעשטאַמעלט:

— איך וויל אז פריהער זאָל ע ר צו מיר קומען, ערשט דעמאָלט וועל א י ך קומען צו זיך.

———:———

## ד ע ר צ י מ ע ס.

אַ געוויסער אָרימאַן פארזוכענדיג איינמאָל אַ גוטען צימעס ביי אַ גביר, פרעגט ער דער מאַדאַם פארוואָס האָט דער צימעס אַזאַ טעם גן־עדן.

— איך האָב אריינגעלעגט אַ גוט אָנגעפיהלטע היהנערשע העלדזעל — ענטפערט די גביר'טע.

— און אין מיין צימעס לעגען זיך אריין זיבען העלדזלעך (ער האָט געהאט פינף קינדער) און האָט דאָך קיין שום טעם נישט — לאַכט דער אָרימאַן.

———

— זיידע, זאָגט אונז דעם אמת, ווי אלט זענט איהר?

— איך ווייס נישט — ענטפערט דער זיידע — ביז 70 יאהר האָב איך געצעהלט און נאָך 70 איז עס אַ מתנה פון גאָט און גע־שענקטע צעהלט מען נישט.

———:———

## דער ריכטיגער סימן.

אַ פרוי, אַ פּאָרטרעט-מאַלערין האָט אויסגעשטעלט אין אַ זאַל איהרע בילדער. צווישען די דאָזיגע בילדער האָט זיך געפונען אויך איהר מאַנ׳ס אַ פּאָרטרעט. זי האָט אָבער נישט אויסגעזאָגט, וועלכער פּאָרטרעט דאָס איז.

עס איז געקומען אמאָל צו רייד וועגען דעם און די באזוכער פון דער אויסשטעלונג האָבען זיך געלערענט טרעפען.

— דער דאָזיגער פּאָרטרעט — האָט איינער אָנגעוויזען — זעהט אויס צו זיין איהר מאַן.

— אין וואָס דערקענסטו דאָס?

— ווייל ער האָט אַ צודראָפּעט פּנים.

———:———

## ווער איז מעהר משוגע?

ר׳ אייזעל איז איינמאָל געווען איינגעלאַדען אויף אַ ברית. דער בעל-הברית, ווערענדיג פערשאַפען דעם רב נחת רוח, האָט ער אויפ׳ן טיש אנידערגעלעגט זיין ספר, וואָס איז געווען צוזאַמענגעבונדען מיט ר׳ יצחק אלחנן׳ס ספר „באר יצחק״.

ר׳ אייזעל האָט באמערקט, אז ר׳ יצחק אלחנן׳ס ספר איז פריהער אין בונד ווי זיינער, רופט ער זיך אָן:

— אַ מאָדנע זאַך, די וועלט זאָגט, אז ר׳ יצחק אלחנן איז קלאָר. אַ חכם, אַ פּקח און איך בין משוגע. לסוף האָט מען איהם געבונדען פריהער פון מיר.

———:———

## דער דאָקטאָר ספּעציאַליסט.

אין א קליין שטעטעל האָט געטראָפען איינער זאל איננמי־טען עסען אראָפּשלינגען א טשוועקעל. עס איז געוואָרען א מהומה. גוטע פריינד האָבען געהייסען תיכף נעמען אריינפאָהרען קיין ווארשע צו א גרויסען פּראָפעסאָר.

— וואָס איז דאָס געלויף? — רופט זיך אָן א אידענע — מען קען דאָך רופען דעם היגען פעלדשער.

— יענער איז קיין פעלדשער נישט, נאָר א שוסטער, — זאָגען אנדערע.

— אויב ער איז א שוסטער, — גיט די אידענע צו — וועט ער דאָך טאקע קענען ארויסשלעפען דאָס טשוועקעלע.

———:———

## ווער עס איז אמת און ווער פאלש.

א געוויסער שווינדלער וועלכער פלעגט ארומפאָהרען אין די קליינע שטעטלעך און דאָרט זיך פארגעשטעלט אלעמאָל אלס אַן אנדער אנגעזעהענער פארשוין, איז אמאָל געקומען אין א שטעטעל אלס א גרויסער רבי.

באלד האָט ער געפונען זיינע אָנהענגער און זיינען אַרויס אקעגען איהם. היינטער'ן שטאָט האָבען זיי אויסגעשפאנט פון וואָגען די פערד און גענומען אליין שלעפען דעם וואָגען.

אַ זייטיגער, וועלכער האָט דערקענט דעם שווינדלער, איז צו צו זיי צוגעגאנגען און אזוי געזאָגט:

— דער רבי איז א פאלשער, נאָר די פערד זיינען אמת'ע פערד.

———:———

## משיח׳ס צייטען.

אַ איד אַ פקח, נאָר אַ פרומער, וואָס האָט ליעב צו מלמד־זכות זיין אויף אידען, האָט אויסגעפונען, אַז דאס וואס מיידלעך און פרויען טראָגען היינט די לאנגע לייב־קאָלירטע זאָקען, איז, ווייל זיי מיינען, דאָס עס איז שוין געקומען משיח׳ס צייט. וואס מיט אזא אופן איז מעגליך צו געפעלען ווערען אין די אויגען פון יונגע לייט, ווי ישעי׳ הנביא האָט געזאָגט: „ירהבו הנער בזקן", ד. ה. יונגע לייט וועלען שטאָלצירען מיט ז אָ ק ע ן. (זקן).

—:—

## צוויי טייטשען.

ווען ר׳ אייזעל איז איינמאָל געפאָהרען אין באהן, זיינען אנטקעגען איהם געזעסען צוויי אסימילירטע אידען, „דייטשען", ווי מען האָט זיי דעמאָלט גערופען אין פוילען. איינער פון זיי האָט גענומען אָפלאכען פון ר׳ אייזלען, פון זיין הילוך, פון זיינע פאות און פון זיין ארט רעדען.

איינעם, וואס איז דערביי געזעסען, האָט עס איהם זעהר פערדראָסען, פרעגט ער ר׳ אייזלען:

— צו קענט איהר דעם דייטש נישט אָפענטפערען, וואס ער האָט אזא העזה חוזק צו מאכען?

— וואָס זאָל איך טאָן, אז דאס שטאַמט פון רש"י הקדוש — האָט ר׳ אייזעל געענטפערט — דען שטענדיג אין רש"י, וואו עס געפינען זיך צוויי „טייטשען", איז איינער אַ „דבר אחר".

—:—

איינמאָל איז ער זיך מישב און נעמט אראָפּ פון די טהירען ביים געוועלב די מזוזות, נישט צוליעב אפּיקורסות, ער איז א גאנץ פרומער און זאָגט צו זיינע משרתים:

— אצינד וועט כאַטש אין געוועלב אריינקומען אמאָל א שד.

—:—

## ער וויל אַסך.

אדורכפאָהרער איז אריינגעגאנגען אין א קרעטשמע, וואס איז געשטאַנען אין מיטען וועג בעטען עפּעס וואס צו עסען. דאָרט האָט געוואוינט אן אלמנה.

— האָט איהר אפשר מילכיגס צו עסען? — פרעגט דער אורח.

— איך האָב קיין קוה נישט.

— קריגט מען ביי אייך אייניגע אייער צו קויפען?

— איך האָב קיין היהנער נישט.

— גיט כאָטש א גלאָז טיי, וועל איך עסען מיט ברויט.

— האָט איהר געהערט? — שרייט אויס די בעל-הבית'טע — א איד זאל אלץ וועלען!

—:—

## מאן און ווייב ביים רב.

— איך וויל זיך גט'ן מיט מיין מאן, ווייל ער שפּילט אין קאָרטען.

— סטראשע מיך נישט, איך גיב דיר שוין נאָך.

—:—

זי האָט ניט געענטפערט, נאָר זי איז רויט געוואָרען. דער ־יכטער האָט באלד פארשטאַנען פארוואס זי וויל ניט ענט־פערען, האָט ער צו איהר געזאָגט:

— מיט אייער שווייגען מאכט איהר נאָך ערגער, ווייל וואס עס געדויערט לענגער, ווערט איהר דאָך אלץ עלטער...

———:———

## אַ ווייבערשע פּרעטענזיע.

א מאן האָט אמאָל געגעבען זיין ווייב געלט זי זאל קויפען פאר איהם א פלעשעל ביער, זי איז געגאנגען, געקויפט. טראָגענ־דיג אהיים איז זי געפאלען, צובראכען די פלאש ביער און פאר־שטאָכען א האנט. זי איז אריינגעפאלען אין שטוב מיט א כעס, גענומען שילטען דעם מאן מיט טויטע קללות, שרייען אויף איהם מיט משונה קולות.

— וואָס בין איך שולדיג? — האָט דער מאן זיך געבעטען רחמים ותחנונים ביי איהר, — וואָס האָסטו צו מיר?

— ער פרעגט נאָך! — האָט זי געשריען — ווער דען איז שולדיג? דו וואָלסט מיר קיין געלט געגעבען, וואלט איך ניט גע־גאנגען און וואָלט ניט געפאלען...

———:———

## אַ מיטעל פאר קונים.

דאָס געשעפט פון סוחר ה' דרעהרעדעל איז פון טאָג צו טאָג געגאנגען צום גרונד. ווען ער איז אריינגעגאנגען און געפרעגט זיינע משרתים צו עס זיינען עפעס געווען קונים, האָבען זיי איהם געענטפערט: „קיין הונט נישט אפילו“.

## פון וואָס זי דיינקט.

נאדולא, די מוטער פון ראטשילד, האָט געלעבט זעהר לאנג. ווען זי איז אלט געוואָרען ניינציג יאהר, האָט זי זיך דערפיהלט שוואך און זיך געלאָזט קורירען פון א גרויסען דאָקטאר.

דער דאָקטאר האָט איהר קורירט א פּאָר חדשים און די מא־דאם ראָטשילד האָט זיך ניט געשפּירט בעסער.

— ווי עס שיינט — האָט זי איינמאָל געזאָגט צום דאָקטאר — האלט איהר, אז איך האָב מיר איינגעבילדעט א קריינק, ווייל איהר היילט מיר ניט אויף דעם וואס איך באקלאָג זיך פאר אייך.

— פארצייהען זי מיר, מאדאם, — האָט דער דאָקטאר גע־ענטפערט — פון אלט קען מען ניט מאכען יונג.

אויף דעם האָט איהם מאדאם ראָטשילד געענטפערט.

— ניין, ליבער דאָקטאר, איך דיינק גאר ניט פון דעם איך זאָל ווערען אינגער, איך וויל נאָר ווערען עלטער.

---

## די אַלטע פריילין.

אן אלטע מיידעל איז אמאָל גערופען געוואָרען אין געריכט אלס עדות.

ווי אלט זיינט איהר, פריילין? — האָט דער ריכטער גע־פרעגט.

דאָס מיידעל האָט זיך דערשראָקען, און זי האָט געשוויגען.

— איך פרעג דאָך אייך ווי אלט איהר זענט? — האָט דער ריכטער ערנסט געפרעגט.

# איבער אַ קליינינקייט.

אַ דינסט־מיידעל האָט גענומען זיבען גילדען אַ זמן (אַ האלב יאהר).

די גאנצע זעקס חדשים האָט זי געדינט געטריי און די בעל־הבית'טע איז פון איהר געווען צופרידען. סוף זמן האָט זי זיך עפּעס צוקריגט מיט דער בעל־הבית'טע. יענע האָט געגעבען דער דינסט פינף קאָפּיקעס און דעם רובעל (זיבען גילדען איז אַ רובעל מיט פינף קאָפּיקעס) האָט זי געזאָגט, וועט זי איהר ניט געבען.

— דערלאנג אין געריכט — האָט מען געראטען דער דינסט־מיידעל — דו וועסט געווים געווינען.

— איבער אַ רובעל — האָט די דינסט־מיידעל געענט־פערט, — לוינט זיך ניט בייז מאכען מיט אַ בעל־מבית'טע.

———:———

# אַ מתנה.

אַ רבי איז אמאָל קראנק געוואָרען. האָבען זיינע חסידים איהם געשאָנקען יאהרען, יעדער האָט אויפגעשריבען אויף אַ צעטעלע וויפיעל ער שיינקט פון זיינע יאהרען דעם רבי'ן. דעם צעטעל האָט מען אוועקגעטראגען צו דעם רבי'ן ער זאל זעהן ווי זיינע חסידים זיינען איהם געטריי. דער רבי האָט געזעהן דאס זיין גבאי האָט איהם געשאָנקען דרייסיג יאהר מיט דריי שעה.

— וואָס איז דאָס פאר אַ חשבון? — האָט איהם דער רבי געפרעגט.

— אַ פּראָסטער חשבון, — האָט דער גבאי געענטפערט — דריי שעה שיינק איך אייך פון מיינע יאהרען און דרייסיג יאהר שיינק איך אייך פון מיין ווייבס יאהרען.

———:———

## ער האָט טויזענט עדות וואָס האָבען ניט געזעהן.

— וואָס ענטפערסטו אויף די רייד פון די פינף עדות? — האָט א שופט געפרעגט א גנב, זיי אלע זאָגען דאָך, אז זיי האָבען אליין געזעהן, ווי דו האָסט גע'גנב'עט.

— מאלע, וואָס זיי זאָגען — האָט דער גנב געענטפערט — פינף מענשען זיינען דאָך ניט די גאנצע וועלט; אָט קען איך ברייננגען טויזענט עדות וואס האָבען מיך ניט געזעהן גנב'נענדיג.

—:—

## אז ער האָט פריהער ניט געוואָלט נעמען — קומט איהם איצט ניט.

א פריסטאָוו איז געקומען אין א אידישען מנין, וואס איז ניט געווען געמעלדעט, און דאָרט צוגענומען די ספר־תורה, און אָנגעגעבען אויף זיי אין געריכט.

דער ריכטער איז געווען א גרויסער אידען־פריינט און האָט געזאָגט:

— איידער אידען האָבען מקבל געווען די תורה, האָט גאָט געוואָלט געבען די תורה צו אלע פעלקער, נאָר זיי האָבען ניט געוואָלט נעמען, טאָ וואס האָסטו, פריסטאַוו, זיך איצט מיישב געווען אזוי שפעט צוצונעמען ביי די אידען די תורה? אלזאָ, גיב זיי גלייך אָפּ צוריק.

—:—

## די „קשיות" מיט די תירוצים"

צוויי אָרימע בחורים האָבען זיך געטראָפען צוזאמען. זאָגט איינער צום אנדערען:

— איך האָב א טאָג, וואס ווען איך קום עסען, קארמעט מען מיר מיט קאשע, אבער קאשע און ווידער קאָשע.

— דו האָסט ניט וואס צו זינדיגען — האָט דער אנדערער געענטפערט — איך האָב א טאָג, וואו מען קארמעט מיר שטענדיג מיט תירוצים, מען האָט גראדע ניט געקאָכט; די קעכין איז ניט געווען אין שטוב. די ווירטהין האָט קיין צייט ניט, א. ז. וו., היינט וואס איז בעסער די קאשע צו די תירוצים?

———:———

## דעם שניידער'ס ענטפער.

דער שטאָט-גבאי האָט אויסגערעדט א שניידער אן עזות-פּנים און צו איהם אזוי געזאָגט:

— עס איז דאָך ניט אויסצוהאלטען פון אייערע קינדער. א גאנצען טאָג לויפען זיי נאָך דעם שטאָט-משוגע'נעם און שעמען זיך ניט.

— איהר זייט אליין שולדיג אין דעם — האָט דער שניידער געענטפערט — אז איהר האָט גענומען א פּראָסטען שוסטער און איהם אָנגענומען פאר דעם שטאָט-משוגענעם, האָבען דערפאר די קינדער פאר איהם קיין דרך ארץ ניט. ווען איהר וואָלט אָבער אָנגענומען די שטעלע פאר זיך און געוואָרען דער שטאָט-משוגענער, וואָלטען די קינדער געהאט פאר אייך גרויס דרך-ארץ.

———:———

## פאר וואָס מען דאַרף דעם בעל-עגלה אין מזרח וואנד.

א בעל-עגלה אין א קליין שטעדטעל איז געוואָרען רייך, האָט ער געקויפט א שטאָט אין בהמ"ד אין מזרח-וואנט, לעבען ארון-קודש.

איינמאָל איז אריין אין בהמ"ד דעם בעל-עגלה'ס אלטער באקאנטער, ערשט ער זעהט, ווי דער פריינט זיינער שטעהט אויבען-אָן. איז דאס איהם געווען א וואונדער און ער האָט איהם געפרעגט:

— ווי קומסטו אויבען-אָן אין מזרח?

— וואס וואונדערסטו זיך אזוי? — האָט איהם דער רייכער בעל-עגלה געענטפערט — דו זעהסט דאָך א פולער מזרח מיט פערד, מוז מען דאָך האָבען צו זיי א בעל עגלה.

———:———

## ער קען ניט קריגען קיין נדבה.

אן אָרימאן איז אריין צו א גביר בעטען א נדבה. דער גביר האָט אבער אויף דעם אָרימאן אָנגעשריען און געזאָגט, אז קיין אורחים גיט ער ניט קיין נדבות.

— איך בין קיין אורח ניט — האָט דער אָרימאן גע'טענה'ט — איך בין א היגער, א געבוירענער.

— עס קען ניט זיין, — האָט דער גביר געענטפערט — ווען דו וואָלסט געווען א היגער, וואָלסטו שוין לאנג וויסען, אז איך גיב קיין נדבות ניט; ביזטו דאָך ניט קיין היגער, און אורחים גיב איך ניט.

———:———

## ער מאַכט פון די מעלות חסרונות.

ר' ירוחם, דער שטאָדטישער מיוחס, האָט גענומען אן איי־דעם א ישיבה בחור פאר זיין טאָכטער. דער איידעם האָט ערשט געהאט אָפּגעלעבט א שטיקעל צייט מיט דער טאָכטער אין שלום, אבער ר' ירוחמ'ן איז ער שוין ניט געווען געפעלען.

— פארוואס געפעלט אייך ניט אייער איידעם? — האָט מען איהם געפרעגט.

— ווייל ער קען ניט שפּילען אין קאָרטען און טרינקען קיין בראָנפען, — האָט ר' ירוחם געענטפערט.

— נו, דערפאר האָט איהר איהם דאס פיינט? — האָט מען איהם געפרעגט — דאָס איז דאָך גאר מעלות?

— יע, — האָט ר' ירוחם געענטפערט — ניט קענען שפּילען און טרינקען איז א מעלה, די צרה איז אָבער, וואס ער קען ניט שפּילען און שפּילט; קען ניט טרינקען און טרינקט.

—————:—————

## אַ נייער פּרוש אויף דער הגדה.

אַ מחבר האָט געמאכט א נייעם פּרוש אויף דער הגדה. האָט ביי איהם איינער געפרעגט:

— רבי, איז דען דאָ קנאַפּ פּרושים אויף דער הגדה, וואס ווילט איהר נאָך מיט אייער פּרוש?

— פארשטעהט איהר, — האָט איהם דער מחבר געענט־פערט — מיט יענע פּרושים קען איך ניט מאכען דעם פּסח.

—————:—————

## ער עסט ניט פאר'ן דאווגען.

רפאל דער חזן איז פארפאָהרען צו גאסט ביי זיין קוזין אין דער גרויסער שטאָט. דער קוזין איז געווען א פרייער, אבער דער חזן האָט פון דעם ניט געוואוסט. אז דער חזן איז אויפגע־שטאַנען אויף מאָרגען גאנץ פריה, האָט נאָך זיין קוזין דער בעל־הבית געשלאָפען. באלד האָט ער זיך אויפגעהויבען, זיך ארומגע־וואשען און זיך גלייך געזעצט צום טיש עסען.

איז דער חזן אריין אין גרוים וואונדער און געפרעגט:

— ווי עסט דאָס א איד פאר'ן דאווגען?

— האָט קיין מורא ניט, קוזין, — האָט דער פריינט גערענט־פערט — איך דאווען נישט.

———:———

## ער וועט זיך ניט באָדען, ביז ער וועט קענען שווימען.

זומער, אין זעהר א הייסען טאָג, האָט זיך גרשן דער שטאָט־חכם געגאנגען באָדען. ער איז אריין אין טייך און פארקראָכען אין א זומפ און איז שיעור ניט דערטרונקען געוואָרען. מען האָט זיך אָבער פון אלע זייטען באלד געלאָזען אין וואסער און איהם געראטעוועט. אז מען האָט איהם אָפגעראטעוועט, האָט גרשון געשוואוירען אז מהיום והלאה געהט ער ניט אריין אין וואסער, ביז ער וועט קענען גוט שווימען.

———:———

— רבותי ! — האָט ער פלוצלונג אויסגעשריען — עס הערט זיך סמאלינעס, מיר דאכט זיך, אז עס ברענט אין שטאָט.

דער גאנצער עולם האָט זיך געלאָזט לויפען. אין א פערטעל שעה ארום איז די שוהל געוואָרען לעדיג.

דער מגיד איז דערווייל אוועק אהיים איינ'חזר'ן די דרשה.

———:———

## זאָל גאָט אליין טאָן !

מאָטקע חב"ד האָט גענומען א צעטעל אין דער לאָטעריי, אז עס איז געקומען דער טאָג פון ציהען, האָט מאָטקע תפלה געטאָן צום רבונו של עולם מיט אזא לשון :

— רבש"ע, גיב מיר דעם גרויסען געווינס, פון 200 טויזענד רובל, איך פארזיכער דיר הייליג, אז א העלפט פון דעם וועל איך צוטיילען אויף צדקה, נאָר אויב דו, רבש"ע, גלויבסט מיר ניט, צוטייל אליין א העלפט און די אנדערע העלפט גיב מיר.

———:———

## ער האָט ניט געהאט דעם זכות.

אין ווילנא איז אויסגעבראכען א שרפה אין דער גרויסער שוהל. באלד האָט א גרויסער עולם ארומגערינגעלט דעם אָרט, זיך צוקוקען צו דער שרפה, באלד איז אבער אָנגעלאָפען מאָטקע חב"ד און געשריען :

— האָט רחמנות, אידען, רחמנים בני רחמנים, פארדינט א מצוה און לאָזט מיך אנקוקען דעם פייער. איך האָב ניט געהאט דעם זכות צו זעהן דעם בית המקדש ברענען, לאָזט מיר כאָטש זעהן, ווי די שוהל ברענט.

———:———

## די שכירות פון שענקערס.

אין א קליין שטעטעל האָבען כמעט אלע אידען געהאלטען שענקען. די פויערים פון די ארומיגע דערפער פלעגען קומען צוויי מאָל אין וואָך אין שטעטעל און אין שענק און דאָרט לאָזען זייערע געלט.

די שטעטעל מיט די שענקערס האָבען אָבער אויך געהאט א רב און זיי האבען ניט געהאט מיט וואס צו צאָהלען איהם שכירות. האָבען זיי געמאכט אַן אסיפה און באשלאָסען, אז מען זאָל אוועקשטעלען א פעסעל און יעדער שענקער וועט אריינגיסען אלע טאג א גלעזעלע בראנפען און מען וועט דאס פארקויפען און דער רב וועט פון דעם ציהען זיין חיונה.

אז עס איז געקומען פרייטאג און מען איז געגאנגען פארקויפען די וויין. כאפט מען זיך צום פעסעל און מען וויל פארזוכען, ערשט עס איז א פולע פעסעל מיט ריינע וואסער.

שפעטער האָט זיך ארויסגעוויזען, אז יעדער שענקער האָט אנשטאט בראנפען געגאָסען וואסער און דאביי געטראכט, אז איין קליינע גלעזעלע וואסער אין א פולע פעסעל וועט ניט זיין קאנטיג.

---

## אן עצה אין נויט.

אַ יונגער מגיד איז געקומען אין א שוהל זאָגען די ערשטע דרשה אין זיין לעבען. ער האָט זיך זעהר דערשראָקען און פון ציטערניש האָט ער פארגעסען זיין דרשה.

דער מגיד האָט זיך אומגעקוקט הין און הער און האָט געזעהן, אז די שוהל איז געפאקט, אוןווארט אויף זיינע ווערטער, האָט ער א טראכט געטאָן, אז ער מוז באלד אויסגעפינען אן עצה. ווי צו באפרייט ווערען פון זיין אונגליק.

## ווי ווער עס שטארבט.

ביים טויט פון א פליטה'ניק זאגט מען: — „ער האָט זיך אוועקגעפּעקעלט".

פון אן אקטיאָר: — „געענדיגט די קאָמעדיע".

פון אן עלעקטראָטעכניק: — „אויסגעגאנגען די עלעקטריע".

פון א שניידער: — „פארטיג מיט דער קאפּאָטע".

פון א שוסטער: — „אויסגעצויגען די קאָפּיטעס".

פון א בוכהאלטער: — געמאכט דעם סך־הכל".

פון א פידלער: — „געפּלאצט די סטרונע".

פון א בעל־עגלה: — „אוועקגעפאָהרען".

---

## געגעסען אָהן אַ היטעל.

מאָטקע חב"ד איז איינמאָל אריינגעפאלען אין בית המדרש מיט א נייס. ער האָט געשוואוירען מיט די הארבסטע שבועות, אז ער האָט אליין געזעהן ווי דער רב האָט געגעסען אָהן א היטעל. קיינער האָט איהם אבער ניט געוואָלט גלויבען, וואָרום ווי קען דאָס מעגליך זיין דער רב זאל עסען בגלוי ראש.

זאָגט מאָטקע: „אויב איהר וועט זיך מיט מיר וועטען אין עטליכע רובעל, וועל איך אייך נאָר דערצעהלען ווי אזוי דאָס איז פארגעקומען, וועט איהר מיר שוין גלויבען."

חברה האָבען זיך אבער געהאלטען ביי דאָס זייעריגע, אז דאָס איז א זאך וואס איז אוממעגליך און האָבען איינגעשטימט זיך וועטען מיט מאָטקען אין דריי רובעל.

מאָטקע האָט געהייסען די געלט איינלעגען און געזאָגט:

— געווים האָב איך געזעהן דעם רב עסען אָהן א היטעל נאָר אין א יארמולקע.

---

## זי זעהט עס, נעבעך, נישט...

אַ כעלעמער אידענע איז געקומען קיין ווארשא צו אַ דאָק־טאָר:

— פאניע דאָקטאר לעבען, — האָט זי גענומען וויינען, — איך בין קראנק.

— וואָס איז איך? — פרעגט דער דאָקטאר און נעמט זי באטראכטען.

— עס איז מיר שלעכט, פאניע דאָקטאר לעבען, איך זעה גאָרנישט.

— וואָס הייסט איהר זעהט גאָרנישט?

— יאָ, יאָ, — וויינט די אידענע מיט ביטערע טרערען — אָט אזוי ווי איהר הערט פּאַניע דאָקטאר לעבען, איך זעה נעבעך גאָרנישט, אָט למשל דאָרט דעם טשוועקעלע אויף דער וואנט, איהר זעהט דאָס?

— איך זעה עס, — זאָגט דער דאָקטאר.

— און איך זעה דאָס נישט, — האָט זיך צוקרעכצט די אי־דענע...

———:———

## ער האָט דריי טעמים.

מאָטקע איז אריין צו זיינעם אַ באקאנטען, אויפ'ן פריה־מאָרגען. יענער האָט איהם פיין אויפגענומען און געפרעגט צו וועט ער אפשר נעמען אמאָל אביסעל שנאפּס?

האָט איהם מאָטקע געענטפערט:

— ווי זאָל איך אייך זאָגען. ערשטענס, איז ביי מיר פאר'ן דאווגען; צווייטענס, האָב איך שוין געמאַכט; דריטענס — ווייזט טאקע אהער, וועל איך מאכען שהכל.

———:———

## בלויז לשם מצוה

אַ מיידעל פון פרומע עלטערן האָט זיך פארליבט אין אַ קריסט. יענער האָט זיך מגייר געווען. די עלטערן זיינען אבער געווען געגען דעם שדוך און מיט איהר כסדר איינגע'טענה'ט וועגען דעם.

— איך האָב זיך פארליבט אין דעם גר, — האָט דאָס מיידעל געזאָגט — בלויז לשם מצוה, ווייל עס שטעהט אין פסוק: ואהבת את הגר.

———:———

## זיי שטימען יאַ איין!

אַ פּאָרפאָלק זיינען געקומען צו אַ רב זיך גט'ן. דער רב האָט זיי גענומען איבעררעדען זיי זאָלען ווערען שלום און ווייטער לעבען צוזאמען.

— לאָמיר אקאָרשט הערען, — האָט דער רב געזאָגט — פארוואס ווילט איהר זיך דאס גט'ן.

— מיר קענען ניט שטימען צוזאמען. וואָס ביי איהם איז נאַכט איז ביי מיר טאָג, און פארקעהרט. — האָט די ווייב געזאָגט.

— טאָ וואס ווילט איהר? — האָט דער רב געפרעגט.

— א גט! — האָבען ביידע אין איין קול ארויסגערעדט.

— אָט זעהט איהר, — זאָגט דער רב — איהר שטימט טאקע איין אין איין זאך — אין גט. אפשר וועלען מיר געפינען אַן אויסוועג און איהר וועט שטימען אין נאָך זאכען אויך. לעגט עס דערווייל אָפּ.

———:———

# אַ כעלמער חשבון.

אַ פרעמדער האָט אין כעלם עפּעס געגעסען אין אַ גאַסט־הויז. נאָכ׳ן עסען פרעגט ער די בעל־הבית׳טע, „וויפיעל קומט פון מיר?"

רעכענט אוים די אידענע: קרופּניק מיט ברויט — 7 גראָשען, קרעפּלעך מיט פלייש אויך 7 גראָשען. צוזאַמען 11 גראָשען.

— איהר האָט אַ טעות, 7 און 7 איז 14 — זאָגט דער פרעמדער.

קלערט און קלערט די אידענע און רופט זיך אָן:

— ניין, איך האָב נישט קיין טעות. צוויי מאָל 7 איז 11 און נישט 14. אַ ראיה: איך האָב חתונה געהאט מיט מיין מאַן האָב איך געהאט 4 קינדער און ער אויך 4 קינדער, דערנאָך האָב איך פון איהם אויך געהאט 3 קינדער, הייסט דאָס: איך האָב 7 און ער האָט 7 און דאָך איז ביי אונז אין שטוב פאַראַן נאָך 11 קינדער.

———:———

## שווער צו געפינען אזא מענש.

עס איז איינער אוועק פון זיין ווייב. מען האָט איהם לאַנג ארומגעזוכט און איהם נישט געפונען. דערנאָך אין אַ צייט ארום איז ער אליין אהיים געקומען. מען האָט איהם געפרעגט די סיבה פון זיין באהאלטען זיך, האָט ער געענטפערט:

איך האָב דערמיט געוואָלט ווייזען מיין ווייב, אז איך בין נישט אבי־ווער, אז אזא מענש ווי איך איז שווער צו געפינען...

———:———

## די גערעכטע קשיה אויף אלע נעמען

— פארוואס האָט מען מיין ווייבעל, די מרשעת א נאָמען געגעבען — „גיטעל" ?

— פארוואס הייסט מיין שוויגער, וועלכע פארביטערט מיר מיינע יאהרען, — „זיסעל" ?

— פארוואס רופט מען דער ווייבעל, וואס וואוינט קעגענ־איבער, און גיט מיר ניט טאָג און נאכט קיין רוה, גאָר — „מנוחה" ?

— וואָס איז דער שכל, אז דער שטאָטישער באגרעבער זאָל גאָר הייסען — „חיים" ?

— פארוואס זאָל דער נגיד, וואס האָט פיינט צו געבען א נדבה, טראָגען דעם נאָמען — „נתן" ?

— דער שמש פון שוהל, א איד א חלש, קען קוים א טריט געבען — זאָל גאר הייסען „לייב" ?

— איצט, א שטייגער, א מיאוסע מיידעל רופט מען גאָר „שיינע ?" דעם גרויסען אטלעט — „קליינמאן" ? דעם בעטלער — „רייכמאן" און דעם שטומען — „זינגער" ?

— און די לעצטע קשיה : דעם חכם פון שטאָט רופט מען גאָר שעפס ?

———:———

## פארוואָס חזנים זיינען נאראָנים.

מען האָט געפרעגט מאָטקען, פארוואס זאָגט די וועלט, אז חזנים זיינען נאראָנים ?

— גאנץ איינפאך, — האָט מאָטקע געענטפערט — ווען זיי וואָלטען זיין קלוגע, וואלטען זיי נישט געבעטען פאר יענעם, נאָר פאר זיך.

———:———

## ווען ווער עס הרג'עט.

— וואָס איז דער אונטערשיעד פון א סאָלדאט ביז א דאָק־טאָר?

— א סאָלדאט הרג'עט ווען ער טרעפט; א דאָקטאר — ווען ער טרעפט נישט.

---

— וועלכע באשעפעניש גיט מעהר מילך פון א בהמה?

— א מילך־הענדלער.

---

## זאָל ערווארטען ביז יענעם טאָג.

א שדכן האָט זיך געוואָלט נוקם זיין אָן אן אלטען בחור, וועלכען ער האָט נישט געקאָנט צוטרעפען מיט קיין שדוך. קומט ער איינמאָל צו איהם און זאָגט:

— איך האָב פאר דיר זעהר א גוטען שידוך. די פריילין איז א גרויסע יפת־תואר, העכסט געבילדעט, קלוג, א בת־יחידה ביי רייכע עלטערן פון שווערע טויזענטער, נאָר... זי האָט א חסרון: איינמאָל אין דריי יאָהר ווערט זי משוגע אויף איין טאָג.

— ס'מאכט נישט אוים. איך באשטעה, — זאָגט דער בחור.

— טאָ ווארט ביז זי וועט משוגע ווערען...

---

# צעהן געבאָט פאַר ווייבער

(ארויסגעגעבען פון די מענער)

א נ כ י — איך, נאָר איך בין דיין מאַן.
ל א י ה י ה ל ך א ח ר י ם — קוק נישט אויף קיין אנדערע.
ל א ת ע ש ה ל ך פ ס ל — מאַלעווע זיך נישט ס'פּנים.
ל א ת ש א ל ש ו א — גיב נישט אוים אומזיסט קיין געלט אויף נארישקייטען.
ז כ ו ר א ת י ו ם ה ש ב ת — געדענק נישט צו מאָנען אויף שבת.
כ ב ד א ת — האַלט עהרליך מ י י ן מאַמען, ד י י ן שוויגער.
ל א ת ר צ ח — כאַפּ נישט די קיך־באַרשט צו מיר.
ל א ת ג נ ו ב — מאַך נישט קיין „קניפּלעך".
ל א ת ע נ ה ע ד ש ק ר — טראָג נישט קיין פּלאָטקעס.
ל א ת ח מ ו ד א ש ת ר ע ך — זאָל דיך נישט פאַר־גלוסטען אזא קליידעל, וואָס עס טראָגט דיין שכנ'ס ווייבעל.

———:———

# ער איז אויך דאָסזעלבע.

איינער האָט אמאָל אָנגערופען מאַטקען מיט דעם נאָמען שגץ. האָט איהם מאַטקע גלייך געענטפערט:
— וואָס וואַרפט איהר מיר אזוי אויף? אזא פויער ווי איהר זייט, האָט איהר דאָך אויך געמוזט זיין פריהער א שגץ.

———:———

# די מורא פאַר תחית-המתים.

העניך האָט געזאָגט קדיש נאָך א וויטען קרוב, וואס איז געשטארבען און איהם איבערגעלאָזט א רייכע ירושה, פלעגט ער שוין אלע טאָג דאווענען פאר'ן עמוד. אז עס איז געקומען ביי דער הויכער שמונה עשרה, האָט ער שטענדיג איבערגעהיפּט דעם „מחיה המתים".

נאָך א לענגערע צייט אזוי דאווענען, האָט איהם דער רב גע-רופען און מיט איהם פארפירט א שמועס:

— וואָס איז מיט אייך, ר' העניך, געשעהן אזעלכעס וואס איהר האָט אויפגעהערט צו גלויבען אין תחית-המתים?

— חס-ושלום, רבי, — האָט העניך געענטפערט — ווער גלויבט נישט אין דעם? איך זאָג נישט „מחיה-המתים" ווייל איך האָב מורא, טאָמער מאכט זיך טאקע תחית-המתים און מיין רייכער קרוב ווערט צוריק לעבעדיג און נעמט צוריק די ירושה.

———:———

# נישט באשערט.

מען דערצעהלט, דאס אין מלחמה צייט ווען ניקאָלאי דער צווייטער איז דורכגעפאָהרען א קליין שטעטעל איז אויפ'ן גאַס געשטאַנען א פרומער איד און האָט זיך שוין מכין געווען צו מאכען די ברכה: שחלק מכבודו לבשר ודם. פלוצלונג אבער איז איהם ארייגעפאָהרען אין באק אריין א געזונטע און גרויסע האנט פון א קאָזאק, — האָט ער שוין פארענדיגט מיט דער ברכה: שכחו וגבורתו מלא עולם...

———:———

## עס וועלען ניט זיין קיין אנדערע אָרימעלייט.

מאָטקע חב"ד איז אמאָל אריין צו א גביר בעטען א נדבה. דער גביר איז געווען א קארגער און האָט מאָטקע'ן גאר ניט געגעבען און נאָך איהם געוויזען די טיר.

— איהר וועט אינגיכען אליין ווערען אָרעם. — האָט מאָטקע געזאָגט.

— פון וואנען ביזטו דאָס אזוי זיכער? — האָט דער גביר איהם געפרעגט.

— גאנץ פשוט, — האָט מאָטקע געענטפערט — אָרימעלייט מוזען דאָך זיין אויף דער וועלט, אויב איהר און אייער גלייכען וועלען די אָרימעלייט גאר ניט געבען, וועלען זיי דאָך אויסשטארבען פון הונגער, וועט איהר מוזען ווערען די אָרימעלייט.

———:———

## אַ קיילעכדיגער יתום.

אַ שגץ אין א דאָרף איז געוואָרען אין כעס און גע'הרג'עט זיין פאָטער און מוטער. האָט זיך אן אדוואָקאט אָנגענומען איהם צו פארטיידיגען אין געריכט.

ביים משפט האָט דער אדוואָקאט אזוי גע'טענה'ט:

— הערען ריכטער! מיין קליענט האָט טאקע באגאנגען א שרעקליכען פארברעכען, כב'עט אבער מען זאָל איהם מילדערען די שטראָף, נעהמענדיג אין אכט, אז ער איז א קיילעכדיגער יתום.

———:———

## אַ מיטעל געגען שרעק פון אַ ווייב.

דער מאן איז געקומען שפעט אהיים, האָט איהם די פרוי באגעגענט מיט א געוויין.

— איך האָב דאָ געהאט אזויפיל שרעק — האָט די פרוי געקלאָגט — שוין צוויי שעה אז דו האסט געדארפט קומען, וואס האָב איך ניט איבערגעטראכט האָט מיט דיר געטראָפען. די הארץ פאלט מיר ארויס פון שרעק.

— גוט, איך וועל שוין מאכען, אז דו וועסט זיך מעהר ניט שרעקען, — האָט דער מאן געענטפערט.

— וואס וועסט דו טאָן?

— איך וועל זיך פארסטראכירען (אינשורען) אויף עטליכע טויזענט רובעל. — האָט דער מאן געענטפערט.

---

## ער איז שמוציג.

די בעל־הבית׳טע איז אריין אין קיך, ערשט זי טרעפט די דינסט־מיידעל עסט שטעהענדיג, פרעגט זי איהר:

— שרה, פארוואס עסט דו עפעס שטעהענדיג? פארוואס זעצט דו זיך ניט צו ווי אלע מענשען?

— איך שטעה, ווייל די שטול איז שמוציג. — האָט די דינסט קאלט געענטפערט.

---

## וואָס פון איהם וואָלט ווערען.

מאָטקע חב"ד איז אמאָל צונויפגעקומען מיט גרויסע רבנים, גדולי־ישראל און פאר זיי געזאָגט שארפע וויצען.

רופט זיך אָפּ איין רב, א באריהמטער גאון:

— זעה, מאָטקע, שטעל זיך פאר מיט אזא גוטע קאָפּ ווי דו האָסט, ווען דו וואלסט זיך גענומען צום לערנען, וואס פאר א גרויסער גאון פון דיר וואָלט אויסוואקסען?

מאָטקע איז געשטאַנען טיף פארטראכט אין עפּעס א מחשבה.

— וואָס טראכסטו, מאָטקע? — האָט מען איהם געפרעגט.

— איך טראכט — האָט מאָטקע זיך געווענדעט צו דעם גאון, וואס האָט צו איהם גערעדט — ווען איהר, אזא גרויסער גאון ווי איהר זייט, נעמט זיך דאָס צו וויצען, וואס פאר א שאר־פער וויצלינג איהר וואָלט געווען.

———:———

## ווי אין ספירה.

מען האָט א אידען, א סוחר, געפרעגט ווי געהט עס איהם אין מסחר.

— פונקט ווי אין ספירה. — האָט דער איד געענטפערט.

— וואָס מיינט איהר? — האָט מען איהם געפרעגט.

— גאָר פשוט, פונקט ווי אין ספירה, מען צעהלט און מען צעהלט, און מען זעהט ניט א גראָשען פאר די אויגען.

———:———

# אַ שעהנער נדן.

צוויי באקאנטע לאנד-קבצנים, וואס גערהען ארום אין די הייזער פון שטאָט צו שטאָט, האָבען זיך באגעגענט, רופט זיך אָן איינער צום אנדערען:

— מעגסט מיר אָפּגעבען מזל-טוב, גוטער ברודער, גאָט האָט מיר געהאָלפען, איך האָב אויסגעגעבען מיין עלטערע טאָכטער און ווייסטו ווער דער איידעם מיינער איז? דו מוזט איהם אויך קענען, ער איז טאקע פון אונזער צעך: פישקע דער האָרבאטער.

— געוויס קען איך איהם. א פיינעם איידעם, אזא יאָר אויף מיר, וואס פאר א נדן האָסטו איהם געגעבען?

— פרעג נישט, ס'איז שוין איינמאָל א ממזר-יונג! ער האָט מיר אָפּגעשונדען די הויט ווי ס'געהער צו זיין! איך האָב איהם געמוזט אָפּגעבען גאנץ ליטא מיט זאמוט און אלע דאָרטיגע הייזער געהען אין זיין גבול אריין און איך טאָר נישט אהין מעהר טאביק שמעקען. וואס זאָגסטו?

— אָ, יאָ, א שעהנער נדן? — הלואי זאָל איך מיין אינגע-רער טאָכטער קענען געבען אזא שעהנעם נדן!

———:———

# אַ וואונדערבאַרער חזן.

ב ע ר ע ל: אך, שמערעל, האָב איך לעצטען שבת געהערט א חזן, עפּעס וואונדערבארעס!

ש מ ע ר ע ל: מיט וואס האָט ער דיך אזוי איבערראשט?

ב ע ר ע ל: וואָס הייסט מיט וואס? נישט קיין שטימע, נישט קיין נגינה, נישט קיין עברי, און דאָך א חזן!

———:———

# אויף אַ נייע שמחה.

אַן אָרעמאַן פלעגט קומען צו זיין רייכען קרוב אויף יעדען יום-טוב און שמחה.

איינמאָל איז ער דאָרט אָבגעזעצען עטליכע וואָכען פאר יום-טוב — א פּאָר וואָכען נאָך יום-טוב און ענדליך איז ער אוועקגעפאָהרען. מיט א פּאָר טאג שפּעטער קומט ער צוריק.

— וואָס איז עפּעס?

— פארשטעהט איהר מיך — זאָגט דער אָרעמאַן דעם קרוב — איך האָב שוין א חזקה צו זיין ביי אייך אַן אורח אויף אלע ימים-טובים און שמחות — נאָר אויף איין יום-טוב בין איך נאָך נישט געווען, אויף דעם יום-טוב וואס איהר מאכט ווען איהר ווערט פון מיר פּטור... בין איך דאס איצט געקומען.

———:———

## אויב איינער שטארבט.

אַן אלט פּאָרפאָלק, נאָכדעם וואס זיי האָבען אויסגעגעבען די אינגסטע טאָכטער זייערע, זיצען זיי פארנאכט-צייט און שמועסען צווישען זיך ווי איינצואָרדנען דאָס לעבען איצט אויף דער עלטער, ווען זיי זיינען געבליבען אליין „אַ זיידע מיט א באָבע".

— הערסטו, מיין ווייב, וואָס איך וועל דיר זאָגען — מאכט דער אלטער — אין אונזערע יאהרען דארף מען געדענקען דעם סוף פון א מענשען און מ'טאָר נישט פערגעסען דעם טויט... אויב איינער פון אונז ביידע שטארבט חלילה, נעם איך תיכף און פאָהר אוועק קיין ארץ-ישראל.

———:———

# שלעכט אזוי און שלעכט אזוי.

איינער האָט זיך געקלאָגט:

— שוין נישט איינמאָל האָב איך געפּרואווט דאָ אין שטאָט בעטען מ'זאָל מיר באָרגען א גמילת-חסד, ווייל קיינער מיר נישט געטרויען, ווייל איך בין דאָ א פרעמדער און קיינער קען מיך נישט, און ביי אונז אינדערהיים אין מיין שטאָט, הייסט עס, איז געווען א פאַרקערטער אומגליק: קיינער האָט מיר נישט געוואָלט באָרגען דערפאַר וואס מ'קען מיך, שלעכט אזוי און שלעכט אזוי!

———:———

# אמת'ע שוסטער!

א אידישע טרופּע האָט זיך פאַרקליבען אויסער דעם תחום המושב אין רוסלאנד, וואו זיי האָבען געוואָלט שפּילען אין טעאַטער. דער גובערנאַטאר האָט די ארטיסטען ארעסטירט.

לויפט דער אנטרעפּענער צום גובערנאַטאר:

— הער גובערנאַטאָר, בעל-מלאכות מעגען דאָך וואוינען אויסער די טשערטא, פאר וואס שיקט איהר זיי ארויס?

— ארטיסטען זיינען נישט קיין בעל-מלאכות. — ענטפערט דער גובערנאַטאר.

שרייט אוים דער אנטרעפּענער:

— וואָשע פּראַוואָסלאַדיטעלסטוואָ, זיי זיינען דען ארטיסטען? דאס זיינען דאָך אמת'ע שוסטער!

———:———

## אַ יונגער משיב.

אין שטעטעל ג—א גערט זיך אהיים פון ביהמ"ד אן עלף־יעהריגער אינגעל, אן עילוי'ש קעפעל, האלטענדיג א יורה־דעה אונטער'ן אָרעם. באגעגענט איהם דער שטאָט־אפיקורים און וויל פון איהם קאטאָוועס טרייבען.

— אינגעלע, אינגעלע, לערנסט דאָך עפּעס יורה־דעה'ס, וועל איך דיך א שאלה פרעגען: מיין ווייב האָט נעכטען באלד נאָכ'ן אָפּעסען דאָס פליישעג, צוקייעט א שטיקעל קעז און עס אראָפּגעלאָזט אין קעהל, וואס טוט מען איצט מיט איהר?

— איהר ווייסט נישט וואס? — ענטפערט איהם דרייסט דער אינגעל — מ'שטעקט זי איין צעהן מאָל אין דר'ערד...

———:———

## עס ציהט זיי צו אומגליקען.

— האָסטו שוין געהערט די נייעס — האָט איינער דער־צעהלט דעם אנדערען — מאקס'עס ווייב איז אנטלאָפען מיט א שאופער.

— מאָדנע מענשען די שאופערס — האָט דער אנדערער באַמערקט — נאָר עס ציהט זיי צו אומגליקען.

———:———

## ער האָט מורא.

ביי אן אפיקורס האָט מען אמאָל געפרעגט פארוואס ער שרעקט זיך, ווען עס הויבט אָן דונערען און בליצען.

— איך האָב מורא, — האָט ער געזאָגט — טאָמער גיט גאָט נאָך א תורה.

———:———

— דו האָסט, גוטער ברודער — ענטפערט יענער — א טעות און פשוט פארקערט, ווען איך דערזעה דורכגעהן א שעהנע פרוי, דערמאן איך זיך דאמאָלס אין מיין ווייב די מיאוס'קייט, וואָס איך האָב דאָרטען איבערגעלאָזט אינדערהיים און איך מוז אויסשפייען.

———:———

## ער האָט באַצאָלט.

דער רב פון שטאָט האָט אויסגערעדט א בעל־הבית:

— איך האָב געהערט — האָט ער געזאָגט צו איהם — אז דו האסט שבת א גאנצען טאָג געשפילט אין קארטען. דאָס איז א גרויסע עבירה.

— רבי, — האָט דער בעל־עבירה געענטפערט — איהר מעגט מיר גלויבען, איך האָב פאר דער עבירה שוין גוט באַצאָלט.

———:———

## ער האָט זיך דערמאנט די סדרה.

אַ איד האָט אָפּגעשטעלט מאטקען אין גאַס און איהם אַ פרעג געגעבען.

— מאָטקע, וועלכע סדרה געהט היינטיגע וואָך?

— איך האָב טאקע געהאט פארגעסען די סדרה — האָט איהם מאָטקע געענטפערט, — נאָר אז איך האב אייך דערזעהן, האָב איך זיך דערמאנט, אז היינטיגע וואָך געהט קרח.

———:———

# געווים אַ חסיד.

— וואָס זאָגסטו, — האָט איינער געפרעגט ביים אנדערען — וואָס איז דער יצר הרע, א חסיד צו א מתנגד?

— געווים א חסיד. — האָט איהם יענער געענטפערט.

— פון וואנען נעמסטו דאס?

— ווייל מען זעהט איהם אָפט ביים רבי'ן.

———:———

# טראָגען נישט.

— שוין צייט, מיין מאן, מיר צו קויפען א נייע זומער־הוט, אלע מיינע באקאנטע טראָגען שוין אזעלכע שעהנע נייע הים.

— פארוואָס, מיין ווייב, שטענדיג קוקסטו אויף דעם וואס טראָגט און קיינמאָל נישט אויף דעם וואס טראָגט נישט?

— אדרבא, זאָג דו, ווער, א שטיינער, טראָגן נישט?

— ווער, פרעגסטו? די געשעפטען מיינע טראָגען נישט.

———:———

# מוז אויסשפייען.

צוויי סוחרים פון א קליין שטעטעל זיינען געקומען קיין ווארשע, בשעת געהן אין גאס, פלעגט איינער פון זיי אויס־שפייען יעדעס מאָל ווען ער האָט דערזעהן דורכגעהן א שעהנע פרוי, פרעגט איהם דער צווייטער:

— וואָס געפעלען דיר אזוי נישט די ווארשעווער פרויען, וואָס דו שפייסט אזוי אפילו אויף די שעהנסטע פון זיי?

# פארזעהן די שטריכעלאך.

אַ חסיד איז געקומען צו א רבי'ן בעטען אויף קינדער. זאָגט דער רבי צו איהם:

— געה אהיים, איבער א יאהר אין דער צייט וועט דיין ווייב האָבען אַן אינגעל.

אין א יאהר ארום איז דער זעלבער ווידער געקומען צום רבי'ן און דערצעהלט איהם, אז זיין ווייב האָט גאר געהאט צוויי מיידלאך מיט איין מאָל.

דער רבי האָט זיך פארטראכט און געזאָגט:

— די זאך איז אזוי, איך האָב געזעהן אין הימעל שטעהט אָנגעשריבען, אז דיין ווייב וועט היינטיגס יאהר האָבען א בן, נאָר דער „בן" איז געוועזן פארשטריכעלט, און דאס האָט גאָר בעדייט ב' נקבות. און אָט די שטריכעלאך האָב איך ניט באַמערקט.



# דער אונטערשייד.

אַ קלוגער מאַן האָט אמאָל געזאָגט:

— איך האָב מאמערקט איין וויכטיגען אונטערשייד צווישען די מענער און די פרויען. דער מאן מוז אימער פאר עפעס מורא האבען. פארלירט ער די מורא פאר גאָט, הויבט ער אָן מורא האבען פאר זיין ווייב. ווען, אבער, א פרוי הערט אויף מורא צו האבען פאר גאָט, האָט זי שוין אפילו פאר'ן באָרדער אויך קיין מורא ניט.



## ער דערהערט.

ריכטער: איך גיב אייך א יאהר טורמע.

באשולדיגטער: איך בין טויב, הערר ריכטער, איך הער ניט.

ריכטער: איהר זיינט פריי.

באשולדיגטער: א שעהנעם דאנק אייך, הערר ריכטער.

—:—

## „מה נשתנה"

אַ גרויסער אידישער געלעהרטער האָט אמאָל געזאָגט:

— ביי אידען איז מען שוין אזוי איינגעוואוינט, אז עס זאל אין קיין זאך ניט זיין קיין סדר, אז ווען עס קומט פסח, און מען דערזעהט פאר זיך א שטיקעל סדר, פרעגט מען גלייך די קשיה „מה נשתנה".

—:—

## אַ נאַרישער ליגנער.

אין א געזעלשאפט האָט זיך א יונגערמאן בארימט, אז ער איז אויסגעווען גאנץ אייראָפּע, און האָט געהאט אויפטראגע מיט די גרעסטע מענער.

— און מיט די דארדאנעלען האָט איהר זיך געזעהן? — האָט איהם איינער פון דער קאָמפּאַניע געפרעגט.

— וואָס הייסט געזעהן? — האָט דער יונגערמאן זיך באַ־רימט — איך האָב מיט זיי וויפיעל מאָל מיטאג געשפּייזט אין איינעם.

—:—

איינמאָל, ווען ער האָט איהם געבעטען אויף אַ חתונה נעמט ר' אײזיק מאיר אַרויס אַ גילדען און בעט ביי איהם אויסגאָב.

—איך האָב ניט, — האָט דער בעטער געזאָגט.

— טו, נאַ דיר דעם געלדען און גיה בייט אָפּ.

דער בעטער האָט צוגענומען דעם גילדען, איז אַוועק און שוין מעהר קיין מאָל ניט געקומען צוריק.

---

# אן איינלאדונג.

אַ שמשׁ האָט איינגעלאַדען אַ בעל-הבית אויף פיער חתונות מיט איין מאָל.

— אויף וועלכע זאָל איך פריהער געהן? — פרעגט דער בעל-הבית.

— געהט אויף אַלע פיער — האָט דער שמש געענטפערט.

---

# אַזאַ זאַך צו עסען איז פארבאָטען.

אין דייטשלאנד, אויף א באל, איז געזעסען א פארברענטער אנטיסעמיט, וועלכער האָט אויסגערעדט אויף אידען אלדאָס בייז. אנטקעגען איהם ביים טיש איז געזעסען א אידישע פרוי. די פרוי האָט צופעליג א געגעץ געטאָן. דער אנטיסעמיט האָט דאס באמערקט און געזאָגט:

— איהר זעהט, די אידישע מאדאם האָט אויפגעעפענט איהר מויל גרייט מיר איינצושלינגען.

— איהר איהרט זיך, מיין הערר — האָט די פרוי געענטפערט — אונז אידען איז פארבאָטען שווינען-פלייש צו עסען.

---

איינמאָל האָט זייער בעל־קורא געמאַכט אַ טומעל, ער האָט געפונען אַ גרייז אין דער תורה. „קרח" דאַרף זיין מיט אַ „לאַנגען כף" און עס איז גאָר מיט אַ „חית".

ווען חברה, האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי זיך אָפּ־גערופען:

— אַ, ווען דו ביזט שוין אַזאַ למדן צו כאַפּען גרייזען אין דער תורה, טאָרסטו זיך ביי אונז שוין ניט געפינען.

———:———

## די אונגליקליכסטע.

— מיר זיינען די אונגליקליכסטע אין דער וועלט — האָט זיך אַ קעכין באַקלאָגט. — קאָכען מיר שלעכט, טרייבט מען אונז אַרויס; קאָכען מיר גוט, לאָזט מען פאַר אונז אַ מכה; זיינען מיר שען, ליידען אונז ניט די בעלי־בית'טעס; זיינען מיר מיאוס — קען דער בעל־הבית אונז ניט אָנקוקען.

———:———

## אַן עצה פון אַקלוגען.

צו ר' אייזיק מאיר דיק האָט זיך איינגעסען אַ מאַן, וועלכער פלעגט איהם בעטען אויף אַלע חתונות. דער בעטער האָט גוט געוואוסט, אַז ר' אייזיק מאיר וועט אויף די חתונות ניט געהן, נאָר ביי יעדעס מאָל בעטען פלעגט איהם ר' אייזיק מאיר געבען עטליכע קאָפּיקעס, און צוליב דעם פלעגט ער איהם בעטען.

ר' אייזיק מאיר האָט געזוכט אַ מיטעל ווי פון איהם פּטור צו ווערען.

## פשוט דערוואָרגען.

אַ חסיד איז געקומען צום רבי׳ן בעטען פאַר זיין ווייב, וואָס ליגט מסוכן קראנק.

— געה אהיים און זאָרג נישט — זאָגט איהם דער רבי.

אין עטליכע טעג אַרום קומט ווידער דער חסיד מיט אַ געוויין:

— אוי רבי, די פלונית׳טע מיינע איז געשטאָרבען.

— עס קען נישט זיין — מאַכט דער רבי רוהיג — איך האָב אַליין אַרויסגעריסען ביים מלאך־המות פון די הענט דעם חלף זיינעם.

— רבי זי ליגט דאָך פאַרט אַ טויטע.

— אויב אַזוי — זאָגט דער רבי — איז נישט אַנדערש, אַז דער בעל דבר האָט זי גענומען און פשוט דערוואָרגען.

———:———

## אַ בעל קורא אַ למדן.

חברה בעלי מלאכות האָבען באַשלאָסען זיך אָפּטיילען אין אַ באַזונדער שוהל. זיי האָבען געפיהלט, אַז דאָרט ביי די לומדים און גבירים האַלט מען זיי גאָר פאַר קיין מענשען ניט, זיי קענען קיינמאָל זיך ניט דערשלאָגען צו קיין עליה, צו קיין כבוד. ביי זיי, אין דער אייגענער שוהל, האָבען זיי דערפאַר באַשלאָסען נעמען נקמה און געמאַכט אַ תקנה, אַז קיין למדן טאָר זיך צווישען זיי ניט געפינען.

## אינטערעסאַנטע ערקלעהרונג.

אַ אידישער חקרן האָט אמאָל געפרעגט: פאַרוואָס רופט מען קרעפלאַך מיט'ן נאָמען „קרעפלאַך"? האָט איהם דער צווייטער חקרן געענטפערט: דריי שפּיצען ווי קרעפלאַך האָבען זיי? און ווייך זיינען זיי אוין ווי קרעפלאַך, היינט זאָגט אַליין, פאַרוואָס זאָל מען זיי נישט רופען קרעפלאַך?

———:———

## ער איז אַ מלמד.

א י ד — רבי, איך בין גקומען צו אייך, איהר זאָלט מיך בענשען, איך זאָל האָבען אַ סך קינדער.

ר ב י — איהר זייט דען אַ „בעזדיעטניק?"

א י ד — ניין, איך בין אַ מלמד.

———:———

## אַ למדן.

אַ ישוב'ניק, וועלכער האָט זיך געהאלטען פאַר אַ למדן, איז איינמאָל אַריין שבועות ביינאַכט צו נאָך אַ ישובניק אין הויז און האָט געהערט ווי יענער האָט צו קדוש געזאָגט „זמן חרותנו".

— גראָבער יונג איינער! — האָט דער למדן אויסגעשריען — מילא פסח זאָגט מען „זמן חרותנו" עסט מען כאָטש חרוסת, אָבער וואָס איז היינט פאַר אַ חרותנו אויף דיין קאָפּ?

———:———

## אַ מלבוש אויף אַלע ימים טובים.

איינער אַן אָרימאַן, פון די פרֶעהליכע קבצנים, האָט זיך באַריהמט, אַז ער פאַרמאָגט ברוך־השם, זיין אייגענס אַ מלבוש איז ער פון די אמת'ע מלבושי כבוד, צוגעפּאַסט צו אַלע ימים־טובים פון אַ גאַנץ יאָהר:

פסח — איז אין איהם נישטאָ קיין גאַנץ ברעקעל.

שבועות — איז ער דורך און דורך מיט תיקון.

ראש השנה — פון אַלע זייטען בלאָזט.

יום כפור — טויג ער אויף אַכצעהן כפּרות.

חנוכה — איז ער פול מיט לאַטקעס.

פורים — צושיט ער זיך אויף מאָן.

———:———

## אַן אויסגעצייכענטע טרעפערקע.

„מאָטקע חב"ד האָט זיך אמאָל באַריהמט פאַר זיינע פריינד, אַז ער קאָן אַן אויסגעצייכענטע טרעפּערקע, וואָס טרעפט אַלעס וואָס זי וואַרפט נאָר אויס, האָבען איהם חברה געבעטען ער זאָל זיי ברייננגען צו איהר, האָט ער זיי גענומען און אַוועקגעפיהרט צו זיין ווייב,

— ווענען מיינסטו, מאָטקע? — האָבען איהם די חברה געפרעגט — דאָס איז דאָך דיין ווייב?

— נו, איך מיין טאַקע איהר — האָט מאָטקע געענטפערט — זי איז אַן אויסגעצייכענטע טרעפערקע, ווען נאָר זי וואַרפט אויף מיר מיט אַ טעלער אין קאָפּ, טרעפט זי שטענדיג.

———:———

פליישיגע לעפעל אין אַ פליישיגען טעפּעל איז כשר אפילו אַריינ־שטעקענדיג, אין אַ מילכיגען טעפּעל מען זאָל די פליישיגע לעפעל נים אַריינשטעקען, איז וויטער כשר, נאָר די גאַנצע שאלה איז מעהר נים, ווייל ביי אייך האָט געטראָפען אַז אַ מילכיגע לעפעל האָט מען אַריינגעשטעקט אין אַ פליישיגען טעפּעל, נו, דאָס וועט שוין דער מתנגדישער רב אויך וויסען.

———:———

## אַ קלאַפּ פאַרגעהט און אַ וואָרט באַשטעהט.

פורים בשעת אלע האָבען געשלאָגען המנ'ען האָט איינער אַ געוויסער שניידער אַנשטאָט צו שלאָגען אָנגעהויבען המנ'ען שטאַרק צו שילטען.

— וואָס איז דאָס? — האָט מען איהם געפרעגט.

— גאַנץ פשוט, אַ קלאַפּ פאַרגעהט, אַ וואָרט באַשטעהט, — האָט ער געענטפערט.

———:———

## אַ הצלחה פון אַ גוי.

אין אַ שעהנעם פריהלינגס־טאָג פאַר פסח געהט אַ פרומע אַלטע אידענע פון בית־מדרש מיט'ן גראָבען „קרבן מנחה"־סדור אין דער האַנט און גייענדיג אַזוי פאַרטראַכט איז זי אַריין אין מיטען אַ גויאישע לויה. דערמאָנענדיג זיך, אַז היינט איז ראש־חודש ניסן, שאָקעלט זי מיט'ן קאָפּ:

— אָט דאָ זעהט מען די הצלחה פון אַ גוי! אַ קלייניגקייט אַ ביסעל אַזאַ זכיה צו שטאַרבען אין ראש חודש ניסן! וואָס וואָלט עס אַ שטייגער געאַרט דעם רבונו־של־עולם, ווען אויף דעם אָרט פון אַ גוי שטאַרבט בעסער אַן אָרימער איד?...

———:———

## פאַראַן נאָך בעסער.

— בעסער ווי אַ גלאָז ווײן איז גאָר ניטאָ — האָט אַ טרינקער אַמאָל געזאָגט אין אַ געזעלשאַפט.

— אַ פלאַש ווײן איז בעסער — האָט אַ גרעסערער טרינקער געזאָגט.

———:———

## ער מוסר׳ט ווײל ער האָט ליעב.

— זאָג נאָר, מײן פרוי, וואָס ביזטו אַזוי אין כעס אויפ׳ן מגיד, פאַרוואָס ער האַלט דיר שטענדיג אין איין מוסר׳ן? ווײסטו דען ניט, אַז דער מגיד וויל זײן גלײך צו גאָט, און גאָט וועמען ער האָט ליעב, דעם שטראָפט ער אַ סך.

———:———

## דעם רבינ׳ס חקירות.

אַ מײדעל איז געקומען צום חסידישען רבי׳ן מיט אַ שאלה.
— מען האָט אַרײנגעשטעקט אַ מילכיגע לעפעל אין אַ פליישיגען טעפעל.

דער רבי האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײלע און דערנאָך געזאָגט אויפ׳ן קול:

— לאָמיר באַטראַכטען דעם ענין גוט, אַ מילכיגע לעפעל אין אַ מילכיגען טעפעל אַפילו מען זאָל אַרײנשטעקען, איז כשר; אַ מילכיגע לעפעל אין אַ פליישיגען טעפעל אַז מען זאָל ניט אַרײנשטעקען, איז אויך געוויס כשר; ווידער פאַרקעהרט, אַ

## איינע פאַר זיך די צווייטע פאַר'ן אורח.

איינער האָט געהאַט אַ שלעכטע, בייזע פרוי, זי פלעגט פיינט האָבען אָרימע לייט, איינמאָל האָט דער מאַן איהר גע־בראַכט אַן אורח אַן אָרימאַן און איהר געפרעגט:

— וואָס האָסטו פאַר אונז אויף מיטאָג?

— קריינק און יסורים האָב איך פאַר אייך, — האָט זי גע־זאָגט מיט גרוים צאָרן.

— איינע עס דו און די צווייטע גיב דעם אורח — האָט דער מאַן געזאָגט — פאַר מיר וועל איך שוין אויסגעפינען עפּעס אַן אַנדער מין שפּייז.

———:———

## אַז מען גיט מכות קריגט מען יסורים.

צוויי חקרנים האָבען גע'חקרנ'ט:

— אין פלוג איז דאָך די קשיה, וואָס טוט דאָ ר' יהודה אין מיטען מיט דעם דצ"ך, עד"ש באח"ב.

— דער תירוץ איז פשוט — האָט דער אַנדערער געזאָגט — ר' יהודה האָט דאָך שוין איינמאָל אַ טעות געהאַט מיט תמר'ן, דעריבער מאַכט ער שוין יעצט סמנים.

— אָבער ניכאַי וואָלט ער בעסער געבען תמר'ן די מכות און אין דער הגדה — דעם זיגעל, מיט'ן שטעקען, מיט'ן שניפּטוך?

— אַז ער וואָלט געגעבען תמר'ן מכות, וואָלט זי איהם גע־געבען יסורים...

———:———

— אַ מענש וואָס האָט אַ קליינעם מאָגען, ווי אַן אַכט יאָהריגער קינד, ווי קען דאָס אַזויפיל עסען?

— איהר האָט מיר ניט פאַרשטאַנען — האָט דער אָרימאַן געזאָגט — איך האָב געמיינט, אַז מיין מאָגען איז גרויס ווי דער גאַנצער אַכט יאָהריגער קינד.

———:———

## וואָס איז דאָס פאַר אַ קריינק.

אַ קליינשטעדטעלשע אידענע איז געקומען אין אַ גרויסער שטאָדט, זי איז געגאַנגען אין גאַס, זיך אָן עפּעס פאַרטשעפּעט, איז געפאַלען און אָפּגעשלאָגען איהר האַנד. זי איז אַוועק זוכען אַ דאָקטאָר, ערשט זי זעהט אויף אַ שעהנע טיר שטעהט אַ קליינע שילד „דאָקטאָר", איז זי דאָרט אריין און געבעטען אַ רפואה צו איהר האַנד.

— איך בין ניט קיין דאָקטאָר מעדיצין — האָט איהר דער מאַן פון הויז געענטפערט — איך בין אַ דאָקטאָר פילאָזאָפיע.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין קריינק? — האָט די אידענע געפרעגט.

———:———

## אַלץ ווי מען טראַכט.

ביי אַ קלוגען רב האָט מען אַמאָל געפרעגט, — עס שטעהט דאָך „אל תרבה שיחה עם אשה", פאַרוואָס רעדט איהר מיט ווייבער?

האָט זיי דער רב געענטפערט:

— עס איז בעסער צו ריידען מיט אַ אידענע און טראַכטען וועגען גאָט, איידער צו ריידען מיט גאָט און טראַכטען וועגען אַ אידענע.

———:———

— מאַך אָהן אייער.

— און וואו נעמט מען ווייצענע מעהל?

— מאַך מיט קאָרענע מעהל.

— און וואָס איז וועגען אַ סקאָווראָדע (אַ באַק פען)?

— בעגעה זיך אָהן דעם.

האָט די ווייב געפאָלגט דעם מאַן, זי האָט גענומען קאָרענע מעהל, פאַרמישט מיט וואַסער און דאָס אַרויפגעלעגט אויף הייסע קוילען באַקען.

וואָס עס איז פון דעם געוואָרען, איז לייכט צו פאַרשטעהן: פון איין זייט איז דער מאכל פאַרברענט געוואָרען און פון דער אַנדער זייט איז עס געווען רויע טייג, די ווייב האָט דערלאַנגט דעם מאכל דעם משרת האָט ער עס גענומען עסען, זיך גלייך פאַרקרימט און געזאָגט:

— דער טייוועל ווייסט זיי וואָסערע מאכלים די גבירים קאָכען זיך און וואָס זיי האָבען ליעב... מען קען דאָך דאָס אין מויל ניט נהמען.

———:———

## אַ קליינער מאָגען.

צו אַ קאַרגען גביר איז געקומען אַן אָרימאַן בעטען, ער זאָל איהם נעמען אויף שבת. — איך וועל קיין סך ניט עסען, ווייל איך האָב אַ קליינעם מאָגען, ווי אַן אכט־יאהריגער קינד.

דער קאַרגער האָט זיך געלאָזט איינרעדען און האָט דעם אָרימאַן געלאַדען אויף שבת. ביים טיש האָט דער אָרימאַן גע־געסען פאַר דריי מענשען, האָט איהם דער קאַרגער געפרעגט:

## פאַרוואָס מען איז רייך אָדער אָרעם.

אין אַ טהעאַטער איז געווען אַ גרויסער אַקטיאָר, וועלכער האָט אַפילו גענומען אַ סך שכירות איז אָבער דאָך געווען זעהר אָרעם, ווייל ער פלעגט זיין גאַנצע געלט פאַרטאָן אויף פרויען, אין זעלבען טהעאַטער איז אויך געווען אַן אַקטריסע, דוקא ניט קיין גרויסע קינסטלערין, דערפאַר זעהר א שעהנע, און כאָטש זי פלעגט נעמען קליינע שכירות איז זי דאָך געווען זעהר רייך, זי פלעגט באַקומען פיעל מתנות פון מענער, האָט איינמאָל די אַרטיסטען געפרעגט דעם אַרטיסט:

— וואָס איז די מעשה מיט אייך? דוכט זיך איך נעם אַ העלפט שכירות פון אייך, דאָך בין איך רייכער פון אייך?

— הערט איהר — האָט איהר דער אַרטיסט געענטפערט — דאָס וואָס אייך מאַכט רייך, מאַכט עס מיר אָרעם.

———:———

## וואָסערע מאכלים די גבירים קאָכען זיך.

אַ גבירישער משרת האָט חתונה געהאַט מיט אַן אָרימע מיידעל, ויהי היום האָט ער צו איהר געזאָגט:

— איך פלעג זעהן ווי מיין בעל־הבית פלעגט עסען פיינ־קוכען, אפשר וועסטו פאַר מיר אויך מאַכען דעם מאכל?

— איך האָב אָבער ניט קיין פוטער — האָט די ווייב געענטפערט.

— מאַך אָהן פוטער.

— עס איז אָבער אויך ניטאַ קיין אייער, — האָט די ווייב ווייטער גערעדט. ..

— יא, — האָט דער אָרימאַן מסכים געווען.

— וועט איהר אזוי גוט זיין קומען צו מיר דעם קומענדיגען שבת, וועט איהר געפינען קוגעל... — האָט דער גביר געזאָגט.

———:———

## טאָ וואָס לערענט ער דאָקטאר?

צוויי קינדער חברים זיינען אוועקגעפאָהרען אין דער פרעמד לערנען און איינמאָל אויף זומער צייט זיך צוריקגעקעהרט צו זייערס עלטערענס הויז, פרעגט איינער דעם אַנדערען:

— חבר, וואס איז דיין אידעע אין לעבען?

— לעבען און לאָזען לעבען — האָט דער אַנדערער גע־ענטפערט.

— טאָ פארוואָס שטודירסטו דאָקטאָר? — האָט איהם דער ערשטער געפרעגט.

———:———

## אַ סימן.

אין אַ בויד, וואָס איז געווען פול אָנגעפּאַקט מיט פּאַרשוינען האָט זיך איינער אַנידערגעזעצט אויף אַן אַנדערענס פוס.

— רבותי, זאָגט דעם אמת — האָט ער אַ פרעג געגעבען — אויף וועמענס פוס זיץ איך דאָס?

— אויב דער פוס איז מיט אַ בלויען זאַק, איז ער מיינער — האָט אַ איד אַ חסיד געענטפערט.

———:———

## דעם פארוקמאכערס שילד.

אַ גרויסער פארוקמאכער האָט אויפגעהאנגען א שילד אי־בער זיין טהיר אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעמאָלט ווי אבשלום רייט אויף זיין עזעל, בלייבט הענגען מיט זיינע האָר אָן א בוים און יואב שטעכט איהם, דערביי איז געווען אונטער־געשריבען „וואָלט ער אבער געטראָגען א פארוק, וואלט ער ניט געהאנגען געוואָרען.

———:———

## אַ גרויסער העלד.

אַ איד איז געשטאַנען דערביי ווי אן אָפיציער איז אראָפּ־געפאלען פון א פערד.

— א שאנדע! — האָט דער איד אויסגערופען — ביי מיר וואָלט אזוינס ניט טרעפען.

— ביזט דאס אַזאַ גרויסער רייטער? — האָט מען דעם אידען געפרעגט.

— ניין, — האָט דער איד געענטפערט — איך מיין נאָר ביי מיר וואָלט עס ניט געטראָפען, ווייל איך וואלט אויף דעם פערד ניט אַרויפגעקראָכען.

———:———

## שבת׳דיגער קוגעל.

זונטאג ביי טאָג איז געקומען אן אָרימאן צו א קארגען גביר און געבעטען עסען.

— איהר ווערט עסען שבת׳דיגע קוגעל? — האָט דער קאָר־גער געפרעגט דעם אָרימאן.

זיינען מעכב דעם עסען. מַיין שווער האָט מיר צוגעזאָגט צו גע־בען קעסט ביז מיר וועט אויסוואקסען א באָרד, און ווי איך וועל האָבען א באָרד, הערט ער אויף מיר צו געבען. נו, איז דאָך די באָרד מעכב דאס עסען.

———:———

## ווען זי זאָל עס אָנטאָן!

די פרוי האָט געוואָלט דער מאן זאל איהר קויפען א מאנ־טעל, אבער ווערליג זי האָט איהם געקאָנט, האָט זי מורא גע־האט דאָס ביי איהם בעטען. זי איז אבער געפאלען אויף אן המצאה און געזאָגט:

— עס האָט זיך מיר היינטיגע נאכט גע׳חלומ׳ט, אז דו האָסט מיר געקויפט א מאנטעל, מיין מאן.

— זעהר גוט, — האָט דער מאן איילינ געענטפערט — אין קינפטיגען חלום וועסטו דעם מאנטעל אָנטאָן.

———:———

## דער מענש ,וואָס איהם איז תמיד גוט.

— כ׳קען א מענשען, וואס איז איהם שטענדיג גוט.

— דהיינו?

— ווינטער איז איהם גוט — קאָלט, ווייל ער טראָגט קליי־דער, וואס זיינען גוט צוריסען, און שיך, וואס זיינען גוט—פאר׳ן טייוועל; זומער איז איהם גוט—היים, ווייל ער וואוינט אין א שטיבעל, וואָס איז גוט—פאר א טורמע; א ווייבעל האָט ער איז זי א גוטע—ארורה, און ווי לאנג ער לעבט איז ער גוט—אויף צרות...

———:———

## עס פרעהט איהם זעהר.

אַ גובערנאַטאר פון אַ געוויסער שטאָט איז איינגעלאַדען געוואָרען פונ'ם אויפזעהער פון טורמע צו האַלטען אַ רעדע פאַר די אַרעסטאַנטען, ער איז אַרויף אויף דער טריבונע מיט אַ ליעבליכען שמייכעל, און האָט אַזוי אָנגעהויבען:

— עס פרעהט מיך פון טיעפסטען הארצען צו זעהן דאָ אַזאַ גרויסען עולם.

— גענוג, מיר ווילען מעהר ניט הערען. — האָבען די אַרעסטאַנטען זיך צושריען, — לאָזט אונז צוריק אין אונזערע געצעלטען.

---

## מעכב דאָס עסען.

אַ שוועך האָט צוגעזאָגט זיין איידעם קעסט, ביז וואַנען איהם וועט אויסוואַקסען אַ באָרד. אז דעם איידעם האָט אָבער אָנגעהויבען וואַקסען אַ באָרד — האָט ער זי אָפּגעגאָלט.

דער שווער האָט איהם איינמאָל געכאַפּט ביי דער אַרבייט, און האָט איהם אָוועקגעשלעפּט צום רב.

— גוואלד, רבי, — האָט דער שווער גע'טענה'ט — מיין איידים גאָלט די באָרד.

— וואָס איז דאָס מיט אייך? — האָט דער רב זיך געווענדעט צום איידעם — ווי טוט עס אַ איד אַזאַ זאַך?

— רבי, — ענטפערט דער יונגערמאַן — איך מעג עס על פי דין. מען ווייס דאָך, אַז די וואָנסעם מעג מען אָפּגאָלען ווען זיי

# אַן עצה צום שלאָפען.

— וואָס פאר אן עצה טוט מען איך זאל קענען שלאָפען? — האָט אמאָל א גביר געפרעגט ביי זיינעם א באקאנטען, א קלוגען מענשען.

— לייגט דעם קאָפּ אויפ'ן קישען — האָט דער באקאנטער געראטען.

— וואָס רעדט איהר? — האָט זיך דער גביר געוואונדערט — און אויף וואס מיינט איהר ליגט מיין קאָפּ ביז איצט?

— אייער קאָפּ ביז איצט — האָט דער באקאנטער געלאסען געזאָגט — ליעגט אויף שווינדעל... דערפאר קענט איהר ניט שלאָפען.

———:———

# יעדעס יאָהר — אַ נייע הגדה.

צו אן אויפגעקומענעם גביר, וואס איז נישט געווען קיין גרויסער חכם און אויך נישט קיין וואזשנער איד, איז אמאָל אריינגעקומען א מחבר מיט זיינם א פירוש אויף דער הגדה, ער זאָל ביי איהם זיין הגדה קויפען.

— שוין ווידער א פרישע הגדה — האָט זיך דער גביר צובייזערט. — כ'האָב נאָך די פאָר א יעהריגע הגדה, צו וואס דארף מען יעדעס יאהר פרישע הגדות?

— מ'דארף יאָ יעדעס יאָהר א פרישע הגדה — האָט דער מחבר געענטפערט — ווייל, פארשטעהט איהר מיך, דער וואס איז פאר א יאהרען געווען א „תם" איז שוין היינט א גאנצער חכם, און דער פאר-אַ-יעהריגער „שאינו יודע לשאול" איז שוין גאָר היינט א „רשע"...

———:———

# אין אַזאַ היץ.

אַ גרויסער גביר אַ קאַרגער איז אמאָל קראַנק געוואָרען אויף אַ היץ קראַנקהייט. ער איז געווען זעהר שוואך און אַלע דאָקטוירים האָבען איהם אָפּגעזאָגט דעם לעבען, דאַן האָבען די ווייב און קינדער אריינגעפאלען אין ארון קודש מיט גרויס געוויין און מנדב געווען פופציג רובעל אויף צדקה, דער גביר זאָל גע־זונט ווערען. שפּעטער האָט גאָט טאקע געהאָלפען און דער גביר איז געוואָרען געזונט. אין אַ צייט ארום איז ער געוואָהר געוואָרען, אַז מען האָט צוטיילט פאַר זיינטוועגען פופציג רובעל אויף צדקה. האָט זיך דער גביר געבייזערט און געשריען אויף ווייב און קינדער, וואס זיי האבען עס אזוינעס געטאָן.

— דו האסט דאָך אונז אליין געהייסען. — האָבען די קינדער מפני דרכי שלום ווענען געזאָגט:

— אזוי? — האָט זיך דער גביר געוואונדערט — אין אַזאַ היץ בין איך עס געלעגען, דאַס איך זאָל אזא זאַך הייסען?

———:———

## מיט וועמען ער וועט ריידען.

אַ גרויסער גביר, אבער זעהר אַ פּראָסטער מענש, האָט געמאכט אַ גרויסען מאָלצייט, אויף וועלכען ער האָט איינגע־לאדען אַלע רבנים און חכמים פון שטאָט. אויך האָט ער איינ־געלאדען אַ פּאָר גבירים, פּראָסטע מענשען ווי ער אליין. צו דער איינלאדונג צו די גבירים, האָט ער צוגעשריבען אַ פּאָר ווערטער בזה הלשון: „איך בעט אייך, טייערע פריינט, קומט צוגעהן, ווייל אויב נים, וועל איך ניט האבען מיט וועמען אַ וואָרט אויס־צורריידען.

———:———

— איך האָב פארלאָרען א בייטעל מיט געלט. — האָט דער איד געקלאָגט.

— וויינט ניט, — זאָגט דער גנב — אָט האָב איך נאָר וואס געפונען א בייטעל מיט געלט, זאָגט נאָר סמנים אויב דאָס איז אייערע, וועל איך אייך אָפּגעבען.

דער איד האָט געזאָגט געוויסע סמנים און דער גנב האָט איהם אָפּגעגעבען די געלט. דער איד האָט זיך זעהר געפרעהט, פאַרגעלעגט דעם געפינער עפּעס געלט, אבער יענער האָט זיך אָפּגעזאָגט פאר דער מצוה צו נעמען באצאָלט. דער איד האָט אריינגעלעגט די געלט אין קעשענע און אוועק.

אַז ער איז אבער געקומען אהיים, האָט ער זיך געכאַפּט ער האָט ווייטער ניט די געלט. דער איד האָט ווייטער געגומען זוכען און מענשען האָבען איהם געזאָגט, אז זיי האָבען געזעהן, ווי דער מאן וואס האָט איהם אָפּגעגעבען די געלט, האָט עס ביי איהם דערנאָך צוריק ארויסגענומען פון קעשענע. דער איד איז אוועק צום גנב און איהם געפרעגט:

— איך פארשטעה אייך ניט, אויב איהר האָט געוואָלט מיינע געלט, צו וואס האָט איהר עס געדארפט פריהער מיר אָפּ-געבען און דערנאָך ביי מיר צונעמען צוריק.

— דאָס איז גאָר צוויי זאכען — האָט דער גנב געענטפערט — השבת אבדה איז א מצוה און אויף דעם בין איך א איד און דארף אָפּגעבען; גנבה — דאָס איז אבער מיין פרנסה, און קיין אנדער פרנסה האָב איך דערווייל ניט.

———:———

# אַ קייזער איז טייער.

דער אלטער דייטשער קייזער איז אמאָל געגאנגען אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער און געשפּאצירט אויף דעם בולוואר. אַ פרוי האָט פארבייגעטראָגען שוועבעלאך צו פארקויפען.

— גיב מיר א פעקעל שוועבעלאך! — האָט דער קייסער אָפּגעשטעלט דער פרוי.

די פרוי האָט א קוק געטאָן אויף דעם מענשען און גלייך דערקאנט דעם קיסר. זי האָט איהם מיט גרויס עהרפורכט דערלאנגט דעם פעקעל שוועבעלאך.

— וויפיעל קאָסט דער פעקעל? — האָט דער קיסר געפרעגט.

— הונדערט מארק! — האָט די פרוי געענטפערט.

— קאָסט דאָ אין בערלין דען אזוי טייער שוועבעלאך? — האָט דער קיסר פארוואונדערט געפרעגט.

— ניין, — האָט די פרוי געענטפערט — שוועבעלאך זיינען ביי אונז זעהר ביליג, נאָר א קיסר איז זעהר טייער.

———:———

# דאָס איז זיין געשעפט.

אַ געוויסער גנב איז געגאנגען אין גאס און געפונען א ביי-טעל מיט געלט. קוים האָט ער עס אויפגעהויבען, האָט ער דערזעהן א אידעל געהענדיג די הענט פארבראָכען און וויינט ביטער.

— וואָס וויינט איהר? — האָט דער גנב געפרעגט דעם אידען.

## ער מיינט אָהן המצאות.

מאָטקע חב"ד האָט מען איינמאָל איינגעלאַדען צו א נגיד'ישע חתונה אין מינסק. מען האָט געגעסען און געטרונקען און אָן מאָטקען אינגאַנצען פארגעסען.

שפּעטער נאָך דער סעודה האָט מען זיך געכאַפּט אז מאָטקע חב"ד איז דאָ און איהם געבעטען זאָגען אַן המצאה.

מאָטקע איז געוועזן אויפגערעגט און געזאָגט:

— ויסעו מסוכות ויחנו ברפידים, געהאַנגען זאָלען ווערען אלע מינסקער נגידים.

— וואָס איז דאָ די המצאה? — האָט דער רייכער עולם באַליידיגט געפרעגט.

— איך מיין אָהן המצאות. — האָט מאָטקע געענטפערט.

——:——

## פון אַן אויסשטעלונג.

באַקאַנטע אידען האָבען באַגעגענט מאָטקען געהענדיג אין גאַס.

— פון וואַנען געהסטו, מאָטקע? — האָבען זיי איהם גע־פרעגט.

— פון אַן אויסשטעלונג. — האָט מאָטקע געענטפערט.

— וואָס פאַר אַן אויסשטעלונג?

— דער בעל־הבית האָט ארויסגעשטעלט מיינע כלי־בית אויפ'ן גאַס.

——:——

דער גביר האָט איהם אָבער ניט געוואָלט געבען קיין נדבה. מאָטעל איז ארויס פון הויז און אין א רגע ארום זיך אומגעקערט און געזאָגט:

— ווייסט איהר, איך האָב זיך מיישב געווען, עס לוינט מיר ניט אוועקצופאָהרען. אלזאָ, זייט מיר שוין ניט געזונט.

———:———

## מען האָט איהם אונטערגעהאַקט.

עס האָט געטראָפען, אז א פריץ האָט אמאָל אָפגעשמיסען א ווילנער גביר. שפּעטער האָט דער געשמיסענער גביר אָנגע-כאַפּט מאָטלען אין גאס און צו איהם געזאָגט:

— מאָטעל, זאָג מיר עפּעס א וויץ, וועל איך דיר געבען א שעהנע נדבה.

האָט מאָטעל געזאָגט:

— מען האָט דאָך אייך דאָ ניט לאנג אזוי אונטערגעהאַקט און איהר זייט נאָך אלץ אזוי לאנג...

———:———

## אָפּגעבען מיט הוילען.

מאָטקע איז אמאָל אריין צו איינעם א באקאנטען און זאָגט צו איהם:

— דו ווייסט, איך געה ווערען א דאָקטאר?

— דו, מאָטעל? — האָט דער באקאנטער זיך געוואונ-דערט — זאָג שוין וואס מיינסטו דערמיט?

— איך מיין פּשוט, — האָט מאָטעל געענטפערט — מען האָט ביי מיר היינטיגע נאכט ארויסגע'גנב'עט די גאנצע בעט-געוואנט, מוז איך זעהן זיך אָפּלעגען אויף הוילען...

## מאָטקע איז אַ שליח.

מאָטעל איז אמאָל געקומען צו א גביר בעטען א נדבה. דער גביר האָט גאר ניט געוואָלט געבען. זאָגט צו איהם מאָטעל:

— גיט א נדבה, ווייל איהר וועט ערגער מאכען.

— וואָס קען איך ערגער מאכען? — פרעגט דער גביר.

— פארשטעהט איהר מיך — האָט מאָטעל געזאָגט — איך בין דאָך דעם דלות א שליח, און אויב איהר וועט מיר ניט געבען, וועל איך שיקען דעם דלות אליין.

———:———

## אונטער די אויגען.

מאָטעלם ווייב איז געקומען צו קהל מסרן אויף מאָטלען: ער האָט איהר געשלאָגען מכות אכזריות און האָט איהר אונ־טערגעשלאָגען די אויגען. קהל האָט גלייך געשיקט רופען מאָטלען און איהם גע'מוסר'ט, פארוואס ער שלאָגט זיין ווייב.

— איך האָב איהר געשלאָגען אונטער די אויגען — האָט מאָטעל געענטפערט — און אונטער די אויגען מעג מען אפילו דעם רב אויך שלאָגען.

———:———

## זייט ניט געזונט.

מאָטעל איז אמאָל אריינגעגאנגען צו א ווילנער גביר און געזאָגט:

— זייט מיר געזונט, איך פאָהר אָפּ פון ווילנא און גיט מיר עפּעס אויף דער הוצאה.

## ער זאָל רייבען און שווייגען.

מאָטעל האָט אמאָל גענומען א פרוש אויף וועטשערע. ער האָט געהייסען דעם פרוש ער זאל זיך געהן וואשען. דער פרוש האָט געוואשען די הענט און זיך געזעצט ביים טיש. האָט איהם מאָטעל צוגעטראָגען א קעסטעל שוועבעלאך און געזאָגט:

— רייבט און שווייגט.

——:——

## אַ בגד אויף אלע ימים טובים.

מאָטע חב"ר איז אמאָל געקומען אויף א חתונה אין אַ צו־ריסענעם בגד. רופט זיך צו איהם אָפּ דער מחותן:

— פע, מאָטקע, ווי שעהמסטו זיך ניט קומען צו אַ שמחה אין אזאַ צוריסענעם בגד?

— מיט מיין בגד — האָט מאָטעל געענטפערט — האָב איך זיך ניט וואס צו שעהמען. דאָס איז א בגד, וועלכער דיענט מיר פאר אלע ימים טובים: פסח, למשל, איז אין איהם ניטאַ קיין ברעקעל; שבועות איז ער דורך מיט א תקון; ראש השנה בלאָזט אין איהם פון אלע זייטען; יום כפור טויג ער אויף כפרות; חנוכה איז ער פול מיט לאַטקעס און פורים צושיט ער זיך אויף מאָן.

——:——

— פארוואס שלעפט איהר שוין ניט אראָפּ די זון ? — האָט איהם דער גביר געפרעגט.

— זייט אזוי גוט, — זאָגט צו איהם מאָטעל, — נאָט אייך דעם שטעקען און איהר טשעפּעט נאָר אָן די זון אָן קרוק, וועל איך שוין נאָכהער אראָפּציהען.

———:———

## זיי דארף מען געבען אַ גאנצע חלה.

די פרנסי־חדש האָבען אמאָל געשיקט דעם „משרת הקהל" ער זאל אראָפּנעמען ביי מאָטלען די שבת־לייכטער פאר א קהל־שען שטייער, וועלכען מאָטעל האָט ניט געהאט צו באַצאָלען.

דער משרת האָט צוגענומען די לייכטער און מאָטעל איז אוועק אין מארק, געקויפט א גרויסע חלה און אוועקגעטראָגען אין קהל־שטיבעל. די פני־קהל זיינען אלע געזעסען ארום א טיש, ווען מאָטעל האָט זיי דערלאנגט די חלה.

— וואס איז דאָס פאר א חלה ? — האָבען זיי איהם גע־פרעגט.

— פארשטעהט איהר מיך — האָט זיי מאָטעל געענטפערט — ביי מיר אין שטוב נעמט אלע שבת אראָפּ די לייכטער דער „סטאראזש" (באדינער) פון הויף, גיב איך איהם אן „המוציא חלה", היינט איהר זייט דאָך אזוי פיעל „סטאראזשעס" מוז מען אייך געבען א גאנצע חלה.

———:———

## עס האָט גאָרנישט געטראָפען

מאָטעל איז אמאָל אריינגעקומען צו א ווילנער גביר. גע־
הענדיג צוריק, האָט ער זיך אויסגעגליטשט און אראָפּגעפאלען
פון אלע טרעפּ. די שטוביגע האָבען דערהערט דעם פאל און
ארויסגעלאָפען זעהן וואס האָט דאָרט געטראָפען, ערשט זיי
זעהן, מאָטעל קרעכצט פון וועהטאָג און בעמיהט זיך אויפצו־
שטעלען.

— וואָס איז דאָ געווען? — האָבען זיי איהם געפרעגט.

— גאָר נישט — האָט ער זיי געענטפערט — מיין פוטער
איז אראָפּגעפאלען פון די טרעפּ.

— טאָ וואס האָט דאס דערלאנגט אזא זעץ?

— פארשטעהט איהר מיך — האָט ער געזאָגט קאַלט —
דער קלאָפּ איז, ווייל איך בין געלעגען אין פוטער.

———:———

## זאָל ער נאָר אנטשעפּען.

מאָטעל האָט איינמאָל געבעטען ביי א גביר פינף רובעל,
וועט ער דערפאר פאר איהם אראָפּשלעפּען די זון. דער גביר
האָט איהם געגעבען די געלט און מאָטעל האָט געהייסען, מען
זאָל איהם ברענגען א טישעל מיט א לאנגען שטעקען מיט א
קרוק, אז מען האָט דאָס איהם געבראכט, האָט ער זיך ארויפ־
געשטעלט אויפ'ן טישעל און אויפגעהויבען דעם שטעקען אין
דער הויך, און געקוקט אויפ'ן הימעל.

# מאטקע חב״ד

זיינע אנעקדאָטען, וויצען, סצענעס
און שטוקעס.

ניי־בעארבייטעט

פון

מ. שטערן

STAR HEBREW BOOK CO.

הוצאת:
סטאַר היברו בוק קאָמפּאני

*Printed in the United States of America*

אהיימנעמען אויף שבת. ער פלעגט איהם ביים דאוונען אוועק־שטעלען גלייך מיט אַלע מַשוררים. ווען איינער, אַ בעל־הבית, מיינענדיג, אַז דער בעל־עגלה איז אויך אַ משורר, האָט איהם אהיימגענומען אלס אורח, האָט ער איהם ביים טיש געפרעגט:

— ווי קומט עס, וואָס בשעת די משוררים האָבען געזונגען, האָט איהר גאָר אינגאַנצען געשוויגען?

— איך — האָט געענטפערט דער בעל־עגלה ברייט — איך בין נאָך גרעסער פון חזן אליין. וואָרים דער חזן פיהרט נאָר דעם כאָר און איך פיהר דעם כאָר מיט'ן חזן צוזאמען.



— מהיכא־תיתא — זאָגט דער מאַן — גלויב מיר, איך וואָלט גאָרנישט געהאַט גע׳גען דעם דו זאָלסט אויך זיין אַ ספר, נאָר ווייסטו וואָס וואָס פּאָר אַ ספר? אַ לוח, וואָס נאָכ׳ן יאָהר לייגט מען אַוועק דעם אַלטען און מען נעמט אויף זיין אָרט אַ נייעם.

———:———

# פאַרמאַטערט צו תשליך.

אַ נײנציג־יאָהריגער זקן איז געלעגען אין בעט אַ מידע פאַרמאַטערט, און געקרעכצט. פרעגט איהם דער זוהן:

— וואָס איז דיר, טאַטע, וואָס קרעכצסטו?

— אַ, מיין קינד, איך האָב זיך פאַרמאַטערט גייענדיג צו תשליך און צוריק, — ענטפערט איהם דער פאָטער.

— וואָס זאָגסטו, טאַטע — פרעגט דער זוהן — היינט איז דאָך גאָרנישט ראש השנה, היינט גייט מען דאָך נישט צו תשליך?

— איך מיין נישט היינט. איך האָב זיך פאַרמאַטערט אין די נײנציג מאָל וואָס איך בין געגאַנגען—זאָגט דער אַלטיטשקער.

———:———

# אַ בעל עגלה איז גרעסער.

אַ חזן, וואָס איז אַ גאַנץ יאָהר אַרומגעפאָהרען פון שטאָדט צו שטאָדט מיט זיינע משוררים, האָט שוין געהאַט תמיד מיט זיך זיין בעל עגלה, ערשטענס כדי מען זאָל זעהן נאָך אַ היטעל ביים עמוד, און דער עיקר עמיצער זאָל דעם בעל־עגלה אויך

— ווען איך וואָלט זיין גאָט, וואָלט איך געמאַכט אין אַלע טייכען זאָל אנשטאט וואַסער ווערען בראנפען.

דער דריטער חסיד האָט געזאָגט:

— ווען איך וואָלט געווען גאָט, וואָלט איך אַריינגעגעבען אַ גוטע מחשבה אַלע מיליאָנערען זיי זאָלען זייער גאַנצען פאַר־מעגען אַריינשיקען אַ פּדיון אונזער רבי'ן זאָל לעבען.

דער רבי האָט דאָס געהערט, האָט ער זיין טיר געעפענט און געזאָגט:

— קינדערלעך, הערט מיך אויס, ווען איך וואָלט געווען גאָט, וואָלט איך טאָן דאָס זעלבע וואָס גאָט טוט.

* *
*

האָט אַ מאַן געזאָגט צו זיין ווייב:

— דו ביזט מיין לעבען, אָבער מיר איז דער לעבען געוואָרען איבערדריסיג.

———:———

## אַ לוּת.

אַ ווייב, אַ „שלאַק פון זיין ליבען נאָמען“, רופט זיך איינ־מאָל אָן צום מאַן:

— שטענדיג, ווען דו ביזט אינדערהיים, קוקסטו זיך אויף מיר נישט אום, גלייך ווי איך בין גאָר נישטאָ, און האַלטסט אין איין אַריינקוקען אין ספר. הלואי וואָלט איך אויך געווען אַ מין ספר!

## קיינער ווייסט ניט וואו מען געהט.

דער גאון רבי יונתן פראַגער איז געווען באַקאַנט מיט דעם קעניג. איינמאָל האָט דער קעניג געזעהן ווי ר׳ יונתן געהט אין גאַס זעהר גיך. האָט דער קעניג געשיקט זיינעם אַ דינער און ער האָט געבראַכט ר׳ יונתן פאַר דעם קעניג.

— וואוהין געהסטו? — האָט דער קעניג איהם געפרעגט.

— איך ווייס ניט — האָט ר׳ יונתן געענטפערט.

— דו פאַרדיסנט אַ גרויסע שטראַף — האָט דער קעניג געזאָגט — דו לאכסט פון מיר, ווייל וועלכער מענש ווייסט דאָס ניט וואו ער געהט.

— חלילה — האָט ר׳ יונתן געענטפערט — איך לאַך ניט פון דיר, גרויסער קעניג. אַט זעהסטו דאָך, איך האָט גערעכענט געהן אין שוהל לערנען און איך בין גאָר געבראַכט געוואָרען אַהער, צו דיר, קעניג, אין פּאַלאַץ. קען איך דען שוין וויסען וואו איך געה?

דעם קעניג איז די תשובה זעהר געוואָרען געפעלען.

———:———

## דער רבי מיט די חסידים.

עלטערע חסידים זיינען געזעסען ביי דעם רבי׳ן אין קלויז און האָבען גערעדט, פילאָזאָפירט וועגען דער וועלט. זיי האָבען געפונען גרויסע פעהלערען אין דער גאַנצער בריאה.

— ווען איך וואָלט געווען גאָט — האָט איין חסיד געזאָגט — וואָלט איך געמאַכט דאָס אַלע מענשען זאָלען ווערען חסידים...

דער צווייטער חסיד האָט געזאָגט:

אָוועק. דאָס זעלבע דאַרפט איהר אויך טאָן: איהר זאָגט איהם צו צוויי הונדערט און נאָכדעם ווערט איהר איהם איין הונדערט ניט אָפּגעבען.

— הערשטי, — האָט דער פריינד געענטפערט, — דאָס איז דאָך די מעשה, וואָס דעם צוגעזאָגטען הונדערטער האָב איך, נאָר דער אמת'ער פעהלט מיר.

———:———

## פאַרוואָס ער עסט אַ סך.

א קליינגעוויקסיגער ישיבה-בחור האָט געגעסען ביי איי־נעם א טאָג. דער בחור איז געוועזן זעהר א גרויסער עסער און וויפיעל מען פלעגט איהם שטעלען צום טיש, פלעגט ער גיך איינשלינגען און נאָך בלייבען הונגעריג.

— זאָגט מיר, וואָס איז די מעשה, — האָט איהם איינמאָל געפרעגט זיין בעל-הבית — וואָס איהר, אַזאַ קליינער מענשעלע, עסט אַזוי פיעל, אָהן עין-הרע?...

— איך וועל אייך ערקלערען — האָט דער ישיבה-בחור געזאָגט — בשעת גאָט האָט באַשאַפען די וועלט, האָט ער אויפגעהאנגען אלע סאָרטען קישקעס, קליינע און גרויסע. דער הויכער מענש, וועלכער האָט געקאָנט דערגרייכען העכער, האָט זיך אויסגעקליבען א קורצע קישקע איך אָבער, אלס קליינער מענשעלע, האָב געמוזט נעמען א לאַנגע קישקע.

———:———

## דעם ישיבה־בחור׳ס פּסוק.

אַ קאַרגער גביר האָט גענומען אַן אָרים־בחור אויף שבת.ביים טיש האָט מען דערלאַנגט לאָקשען, נעמט דער גביר אַ קאָך־לעפעל, שעפּט אָן פון שיסעל געדיכטע לאָקשען, גיסט זיך אַריין אין טעלער און זאָגט דערביי: „אדם קרוב לעצמו“. נאָכדעם האָט ער ווידער אָנגעשעפּט די געדיכטע, אַריינגעגאָסען צום ווייב אין טעלער און געזאָגט: „אהבתי את אשתי“. נאָכהער האָט ער אָנגעגאָסען די קינדערשע טעלערס און געזאָגט: „אהבתי את בני“. באַם סוף, ווען עס איז שוין איבערגעבליבען קלאָרע וואַסער, האָט ער דאָס אַריינגעגאָסען דעם אָרים־בחור.

דער בחור האָט אָבער לאַנג ניט געקלערט, ער האָט גענומען דעם שיסעל זופּ, זיי אַלעמען אָפּגעגאָסען, געזאָגט דערביי „וזרקתי עליכם מים טהורים“ און איז אַנטלאָפען פון טיש.

———:———

## איהם פּעהלט די מזומן.

— וואָס מאַכט איהר? — האָט איינער געפרעגט זיינעם אַ פריינד, אַנטרעפענדיג איהם אין גאַס.

— זעהר ניט גוט, — האָט דער פריינד גערענטפערט, — איך האָב אַ מיידעל חתונה צו מאַכען, איך האָב גראַדע אויך פאַר איהר אַ גוטען חתן, נאָר דער חתן וויל אַנדערש נישט ווי צוויי הונדערט רובעל, אָבער איך האָב מעהר נישט ווי הונדערט.

— דאָס איז דאָך אַ קלייניגקייט, — האָט דער ערשטער גע־זאָגט, — לייט זאָגען צו גרעסערע נדן און גיבען דערנאָך ניט

# אַ העלד.

אין אַ מענאַזשעריע פון חיות איז אַרויסגעגאַנגען דער פּאַקוסניק און אויסגערופען פאַר'ן פּובליקום:

— ווער עס געהט מיט מיר אַריין צום טיגער אין שטייג, דעם גיב איך הונדערט מיליאָן.

— איך געה, — האָט זיך אַרויסגערופען אַ בלייכער דער־שראָקענער איד מיט אַ גרוי בערדעל.

— מיט מיר?

— אפילו אַליין. איך דאַרף קיינעם נישט.

— ס'הייסט איינער אַליין ווילט איהר אַריינגעהן אין שטייג?

— נו, יאָ, נאָר פריהער נעמט אַרויס דעם טיגער.

———:———

# זיין אומגליק.

— וואָס טוט מען, מיין פריינד? — האָט דער קליידער־פאַבריקאַנט זיך געווענדעט צו זיין פריינד, — מיין ווייב איז אַנטלאָפען מיט מיין בוכהאַלטער.

— וואָס'זשע עסטו דיר אַזוי אָפּ דאָס האַרץ? — האָט דער פריינד געשמייכעלט — וויניג שעהנע מיידלאַך זיינען דאָ?

— אַך, ביזט אַ שוטה! — האָט דער קליידער־פאַבריקאַנט זיך ניט געוואָלט טרייסטען — וואו וועל איך קריגען נאָך אַזאַ פעהיגען און געטרייען בוכהאַלטער?

———:———

די ווייב האָט איהם געפאָלגט, איז אַוועק צום שכן אונטער'ן פענסטער און געזעהן ווי דער שכן שלאָגט שרעקליך זיין ווייב. זי איז אַוועק אַהיים אין שרעק און באַשלאָסען דעם מאַן ניט צו דערצעהלען וואָס זי האָט געזעהן. זי קומט אַריין אין שטוב און דער מאַן פרעגט איהר וואָס האָט זי געזעהן. זי שווייגט אָבער און ענטפערט ניט. דער מאַן האָט איבערגעפרעגט נאָך אַמאָל און זי האָט איהם אַלץ ניט געענטפערט.

דאָ איז דער ישובניק געוואָרען אין כעס, האָט אויפגעהויבען די הענט און דער ווייב מכבד געווען מיט אַ פּאָר גוטע פּעטש. די ישוב'ניצע האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט און געזאָגט:

— נו, אַז דו ווייסט שוין אַליין, טו וואָס'זשע פרעגסטו?

---

# אַ פשוט'ער קל וחומר.

אַ קלויזניק ליגט ביינאַכט אויף אַ האַרטער באַנק אין בית־המדרש און קען נישט אַנטשלאָפען ווערען. טאַפּט ער אָן עפּעס אַ פעדער אויף זיין קאַפּאָטע, וואָס ליגט איהם צוקאָפּענס, און ער נעמט דרינגען:

— איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין מיט'ן שכל. אויף וואָס טויג עס אַנדערע לייט צו האָבען אַ סך קישענס מיט פעדערנעס? ס'איז דאָך אַ פשוט'ער קל וחומר: וויבאַלד אַז מען ליגט אויף איין פעדער איז אַזוי האַרט, מוז דאָך אויף אַ סך פעדערען אודאי און אודאי זיין האַרט צו ליגען.

---

## אַ גרויסער בעל צדקה.

אַ איד אַ נגיד, וואָס איז אַמאָל אין דער יוגענד געווען אַ שטיקעל בעל תפילה, האָט איינמאָל אין אַ „שבת־מברכין“ מנדב געווען צו דאוונען פאר׳ן עולם א מוסף. נאָכ׳ן דאוונען רופט זיך איינער אָפּ:

— הערט איהר וואָס איך וועל אייך זאָגען, אונזער הייני־טיגער בעל־מוסף איז באמת אַ גרויסער בעל־צדקה. איטליכער גיט ווען ער קען; ער, אָבער, קען נישט, פונדעסטוועגען גיט ער אַ נדבה.

---

## וואָס ווער עס דאַרף.

דער פּנים איז דער יונגער פרוי׳ס ביזנעס. אַ שעהנער פּנים איז אַ גרויסע רייכע ביזנעס. די מיידעל, וואָס האָט אַ שעהנעם פּנים, דאַרף האָבען אַ סך, אַ סך שכל צו פאַרוואַלטען איהר שעהנע, רייכע ביזנעס.

די, וואָס האָט אַ מיאוס׳ן פּנים, דאַרף האָבען אַ סך, אַ סך געלד.

---

## דער סדר.

א פארצייטיגער ישוב׳ניק האָט ניט געוואוסט ווי אָפּצו־ריכטען דעם סדר און האָט דעריבער געשיקט זיין ווייב, זי זאָל געהן ביים שכן אונטער׳ן פענסטער און זעהן וואָס ער טוט, און זי זאָל איהם נאכהער איבערגעבען ווי און וואָס, וועט ער וויסען וואָס צו טאָן.

## איהר פאַרשטעהט בעסער אַ געשעפט

צו א רייכען סוחר אין א רייך געשעפט איז אריינגעקומען אַן אָרימאַן און געבעטען א נדבה. יענער וויל זיך נעמען צו דער קעשענע, נאָר דער אָרימאַן זאָגט איהם:

— איך בין נישט קיין פשוט׳ער אָרימאַן. וויניגער פון אַ קערבעל נעם איך נישט.

— ווען איהר בעט 20 קאָפּיקעס — זאָגט דער סוחר — וואָלט אייך יעדער געגעבען, אָבער אַ קערבעל — מאַכט איהר זיך דאָך אײנגאַנצען קאַליע.

— זעהט אויס, אַז איהר פאַרשטעהט טאַקע בעסער אַ געשעפט פון מיר — זאָגט דער אָרימאַן — נאָר אפשר וועט איהר איבערנעמען מיין פרנסה?

———:———

## וואָס גרעסער די מכה — כשר׳ער די רפואה.

אַ משכיל, פון די היינטיגע „חכמים“, איז אַריינגעקומען צו אַ רב מיט אַזאַ שאלה:

— רבי, איך האָב אַ מכה אויף דער האַנד און דער דאָקטאָר האָט באַפוילען אַלס רפואה צוצולעגען זויערמילך. טאַ פרעג איך בא אייך, צי איז נישט דערויף חל דער איסור פון בשר בחלב?

דער רב, זעהענדיג ווּעמען ער האָט פאַר זיך, האָט גלייך געענטפערט:

— וואַרט אַ ווײלע, ביז די מכה וועט זיך פאַרגרעסערען מיט זעכציג מאָל, וועט עס ווערען בטל בששים...

———:———

באָק און אוועק. אין אכט טעג ארום, צו דער באַשטימטער צייט פארנאכט צו איז גימפּעל געקומען צום פויער, און גע־וואָלט אָפּנעמען זיין באָק. אז דער פויער האָט איהם דערזעהן, האָט ער אין שרעק אויסגערופען:

— גימפּעל, געה צוריק אין דיין רוה, דער באָק איז שוין פארקויפט!

———:———

# פון די זעלטענהייטען.

עס איז זעלטען צו געפינען:

אַ פּאָליציאַנט — א בעל רחמים.
אַ חסיד — א בעל דרך־ארץ.
אַ קבצן — אַן עקר (קינדערלאָזער).
א גביר — ניט קיין עקספּלאָטאטאר.
אַ גמרא־קאָפּ — אַן עהרליכער מאַן.
אַ משולח — אָהן א גראָבען בויך.
א שוהל — אָהן מחלוקת.
אַ חברה־קדישא — אָהן טרינקערס.
א רב — אַ שונא בצע.
א חזן — א בעל־עברי.
אַ מוכר ספרים — א למדן.
אַן אדוואָקאט — א בעל־יושר.
אַ בעל־טובה — אָהן פּניה.
אַ שדוך — אָהן הארצוויטאָג.
אַ צדקה־פּשוקע — מיט געלט אינעווייניג.

———:———

## „וואָס זשע טוט גאָט“.

אַ קליינשטעטעלדיגער איז אמאָל געווען אין א גרויסער שטאָט, ווען ער איז געקומען צוריק אין זיין קליין שטעטעל, האָט ער דערצעהלט נסים פון דער גרויסער שטאָט, און האָט דאָס אויך דערצעהלט:

— איינמאָל האָט זיך מיר פארוואָלט עסען, וואו געהט מען אריין? בין איך אריין אין א פיינע גאר־קיך און היים זיך געבען עסען. האָט מען מיר געגעבען עסען גאָר ווי ביי אונז צו שבת׳־דיגע וועטשערע: פיש, פלייש, קרעפּלאך, פון כל טוב, זאָג איך אייך! אז איך האָב שוין אָפּגעגעסען, מאכט מען מיר א חשבון, אַז איך דארף באצאָהלען א רובעל. עס איז מיר פינסטער גע־וואָרען פאַר די אויגען. אָבער וואס זאָל מען טאָן? אז מען הייסט, מוז מען באצאָהלען! וואס זשע טוט גאָט? נעהם איך און גנב׳ע אוועק א זילבערנעם לעפעל.

---

## גימפּעל, געה צוריק אין דיין רוה.

א ישוב׳ניק, ביי דעם נאָמען גימפּעל, האָט געקויפט פון אַ פּויער פון א נאָהנטען דאָרף א באָק. ער האָט איהם געגעבען האַנט־געלט און פארשפּראָכען אָפּנעמען דעם באָק אין אכט טאָג אַרום. דערווייל איז געקומען אַן אנדער איד צום פּויער און גע־בעטען ביי איהם קויפען דעם באָק. זאָגט איהם דער פּויער, אז ער האָט שוין גענומען האַנט־געלט ביי גימפּלען. ענטפערט איהם דער איד, אז גימפּעל איז פּלוצלונג געשטארבען. דער פּויער יזאָט געגלויבט, דער איד האָט איהם באצאָהלט, צוגענומען דעם

— וואָס וויינסטו פלוצלונג ? — פרעגט די ווייב.
— אוי ועה, — ענטפערט שמשון און קלאַפּט זיך מיט'ן קולאַק אין שטערן — איצטער האָב איך זיך דאָס ארומגעזעהן.
— וואָס זעהסטו איצט, שמשון ?
— איך זעה, — קלאָגט ער — איך זעה, אז ווען איך בין געווען אין פראנקפורט, בין איך ניט געווען ביי ראָטשילד'ן. נאָר פון זינען ארויס. ער גיט דאָך מיר אלע יאהר 5 מאַרק. אוי וועה, אוי וועה.
— וואָס ערגערסטו זיך אזוי ? — טרייסט איהם די ווייב — דו האָסט געבראכט דעם מאָל אזוי פיעל געלט, שענקט מען ראָטשילד'ן די פינף מארק.
— איך זאָל איהם שענקען — האָט שמשון זיך ניט בערו־היגט און אויסגערופען מיט צאָרן — און מיר שענקט אימיצער ?

———:———

## ער וואָלט געווען רייכער פון ראָטשילד'ן.

— ווען איך זאָל האָבען ראָטשילד'ס געלט — זאָגט פאַר־טראכט אין מחשבות איין שנאָרער צום אנדערען — וואָלט איך נאָך געווען פיעל רייכער פון איהם.
— ווי אזוי ? — פרעגט דער אנדערער שנאָרער.
— גאַנץ פשוט, — זאָגט דער ערשטער — איך וואָלט דאָך דערצו נאָך צוגעשנאָרט אויך.

———:———

## יעצט האָט ער זיך ארומגעזעהן.

דער טויט פון נחמן קמצן, דער גרעסטער קארגער מענש אין שטאָט, האָט ניט ארויסגערופען קיין שטארקען טרויער ביי זיין זוהן. קאלט און רוהיג איז דער יורש געשטאנען און זיך צוגעקוקט צו די אלע צערעמאָניעס פון דער חברה קדישא. דאָך ווען מען האָט דעם מת ארויסגעטראָגען פון שטוב און די צדקה פושקעס האָבען אָנגעהויבען קלאפּען און קלינגען, האָט דעם קמצנ'ס זוהן פּלוצלונג אויסגעבראכען אין א געוויין.

— וואָס האָסטו זיך איצט עפּעס דערמאנט וויינען? — האָבען איהם די שכנים געפרעגט.

— פארשטעהט איהר מיך, — האָט זיי דער זוהן צווישען דעם וויינען געענטפערט — אז דער טאַטע הערט דאס קלינגען פון די צדקה-פושקעס און אנטלויפט ניט פון דאנען, בין איך שוין זיכער, אז ער איז טויט.

---

## קיינער שענקט איהם אויך ניט.

שמשון בוימוואָהל, א שנאָרער, קעהרט זיך אום אהיים פון זיין יעהרליכען ארומפאָהרען איבער די שטעט און שטעטלאך אין דייטשלאנד, און גיט אָפּ דער ווייב א באריכט פון זיין רייזע, וויפיעל ער האָט געמאכט אין יעדער שטאָט, ווער עס איז אָפּ-געקומען, און וועלכע נייע זיינען צוגעקומען. ער נעהמט ארויס פארשריבענע בויגענס פּאפּיר און לייענט פון דאָרט פאר דער ווייב. פּלוצלונג ברעכט שמשון אויס אין א שרעקליכען יאָמער, און וויינט אויפ'ן קול.

## פאַרוואָס ער קען היינט ניט קומען.

א פערד־הענדלער האָט פון וועג געשיקט פאָלגענדע טע־לעגראַמע צו זיין פרוי:

„זאָלסט זיך ניט שרעקען וואָס איך קום ניט היינט. דער באהן, וואָס געהט אָפּ היינט, נעמט ניט קיין פערד. איך קום מאָרגען".

——:——

## וואָס עס איז איבעריג.

אַ יונגע ווייבעל האָט געהאַט א אינגעל. איז דאָך געוואָ־רען א שמחה, האָט דער מאן געוואָלט עס טעלעגראַפירען זיין מַאמען. האָט ער אָנגעשריבען אויף א שטיקעל פּאַפּיר: „שרה האָט גליקליך געבוירען א זוהן" און דאָס געוויזען דעם שווער.

— ביזט גאָר קיין סוחר ניט — זאָגט דער שווער — אזעלכע לאנגע דעפּעשען קלאַפּט מען ניט. זעה נאָר וויפיעל איבריגע ווערטער דו האָסט אָנגעשריבען: ערשטענס, „שרה", וואס הייסט שרה? — ווער דען? דו וועסט געהן קלאַפּען דעפּעשען, פאר פרעמדע ווייבער? צווייטענס, „גליקליך", ווי דען, ניט גליק־ליך? אז עס וואָלט חס ושלום געווען א סכנה, וואָלט דיר ליגען אין קאָפּ לויפען דעפּעשירען? ווייטער „געבוירען". צו וואָס דאַרפסטו דאָס שרייבען? ווי דען זשע דאָס פאלט אראָפּ פון הימעל? זעהסטו דאָס לעצטע „זוהן" איז שוין נישקשה, כאָטש עס איז אויך איבעריג, אז מען קלאַפּט א דעפּעשע איז דאָס מסתמא א זוהן, א טאָכטער וואָלט אזא שמחה ניט געווען.

——:——

— איך ווייס וואס איך טו — האָט ווֶעלוועל „למדן“ געענט־פערט — איך בין זעהר הונגעריג און וויל מיר איינשפּארען פאסטען דעם רעשט פון טאָג!

— וואָס, — חידוש'ן זיך די אידען — אז מען ווארפט אראָפּ תפלין, מעג מען שוין עסען אום תשעה־באב?

— געוויס, — האָט ווֶעלוועל געענטפערט — איך האָב אין דערהיים א קליינעם שולחן ערוך'ל אויף עברי טייטש, שטעהט דאָרטען בפירוש, אז ווען מען לאָזט אראָפּ די תפלין של יד דארף מען ניט פאסטען.

———:———

## געפונען אַ תירוץ.

ביים סדר אָפּריכטען פרעגט א אינגעל דעם טאַטען, א ישוב'ניק:

— ווי קומט א דבר אחר אין דער הגדה?

ענטפערט דער פאטער:

— ער איז אריין ביד חזקה.

— טאָ פארוואס האָט מען איהם ניט ארויסגעטריבען?

— מען האָט איהם טאקע ארויסגעטריבען. — ענטפערט דער פאָטער — נאָר עס זיינען געווען „שתים“, איז איינער ארויס און דער אנדערער אריין.

———:———

## אַ מציאה — מסתמא איז עס אַ געגנבֿ׳טע.

אַ ישוב׳ניק איז געזעסען ביים סדר און אָנגעקוואָלען ווי גוט זיין זוהן פרעגט די פיער קשיות. אז עס איז געקומען צו חד־גדיא, האָט דער ישוב׳ניק אריינגעקוקט אין די טייטש, און כדי צו ווייזען דעם זוהן אז ער פֿארשטעהט אויך עפּעס, האָט ער איהם דערצעהלט די מעשה פון א ציעגעלע, וואס א טאַטע האָט געקויפט פאר צוויי גילדען.

פרעגט דער זוהן:

— טאַטע, אַט האָסטו ניט לאנג געקויפט א ציעג האָסטו באצאָהלט צעהן גילדען, ווי קומט עס, דאס אין דער הגדה האָט מען געקויפט א ציעגעלע בלויז פאר צוויי גילדען?

— איך וועל דיר זאָגען, מיין זוהן, — האָט דער ישוב׳ניק געענטפערט — דו ביזט טאקע גערעכט מיט דיין פראגע, נאָר דאָס איז דאָך געווען אום האלבע נאכט, און אז מען האָט דאס פארקויפט פאר צוויי גילדען, מסתמא איז עס געווען א גע׳גנב׳טס.

———:———

## דאַרף מען ניט פאסטען.

אין גרויסען בית המדרש האָט איינמאָל תשעה באב געטראָפען א וואונדערליכע זאך. וועלוועל דער ישוב׳ניק, דער „למדן", וואָס האָט זיך ארויסגעקליבען פון דאָרף אין שטאָט, האָט פלוצלונג ביי מנחה אראָפּגעכאפּט די תפלין פון האנט און זיי געגעבען א שליידער אויף דר׳ערד.

דער גאנצער בית המדרש איז זיך צוזאמענגעלאָפען.

— זייט איהר משוגע צו חסר־דעה? — האָט דער עולם צו איהם געשריען.

— זאָל דער רעדנער שפּילען פידעל!

— פידעל שפּילען קען איך גאָר ניט. — רופט זיך אָפּ דער רעדנער.

— און רעדען קענט איהר דען? — האָט איהם דער איד קאלטבלוטיג געפרעגט.

———:———

## ווען עס איז א יום טוב.

דער רבי לערנט מיט די תלמידים בבא קמא און לערנט איין מיט א תלמיד:

— למשל, — זאָגט דער רבי מיט הארץ — איך געה אין פעלד און א ווילדער אָקס לויפט מיר אנטקעגען, און, גאָט זאָל אָפּהיטען, ער ווארפט מיך אנידער, וואָס זשע וואָלט געדארפט זיין?

— א יום טוב אין חדר. — ענטפערט גלייך דער אינגעל.

———:———

## ער קען אָפּבעטען צוריק.

— קום שנעלער אוועק פון דאנען. — רופט זיך אָן לייזער צו חיים'ען — אָט געהט ר' ליב דער טעפער.

— טאָ וואס אנטלויפסטו פון איהם?

— איך האָב ביי איהם נעכטען געבעטען א גמילת-חסד פון 10 רובעל.

— טאָ ווארט-זשע, פארקעהרט, אפשר וועט ער דיר איצט געבען.

— שוטה, געגעבען האָט ער מיר נעכטען, איצט, האָב איך מורא, וועט ער נאָך אָפּבעטען צוריק.

———:———

## צו וואָס דער קאַרגער קען דערגרייכען.

בייַ דעם גביר דעם פּראָצענטניק וואַקסט די עשירות.
כמעט פון א האלבער שטאָט געהערט איהם די דירות.
און וואס ער ווערט רייכער, גרעסערט זיך זיין קמצנות.
אויב איהם וועט צוקומען נאָך עטליכע טויזענט קאָרבען,
האָב איך מורא — איך זאָג עס בנאמנות —
ער זאל פשוט פון הונגער ניט שטארבען.

———:———

## אַ מפורש'ער פסוק.

אַ איד א למדן, וועלכער האָט געהאט א זוהן א חתן־בחור, האָט דורך א שדכן באקומען א כלה פאר זיך און א כלה פאר זיין זוהן. דער פאטער האָט געוואָלט אז די ביידע חתונות זאָלען זיין אין איין טאָג. איז ער אוועק צום רבי'ן פרעגען, אויב דאָס איז ניט געגען דין.

— מען טאָר ניט, — האָט איהם דער רבי געענטפערט — עס איז א מפורש'ער פסוק „אותו ואת בנו לא תשחטו ביום אחד.“

———:———

## ער קען שוין אויך שפּילען.

אַ גרויסער עולם איז געקומען הערען דעם רעדנער. מען איז געווען אפילו אביסעל ענטוישט, אבער מען האָט געשוויגען. פלוצלונג כאפּט זיך ארויס איינער פון עולם, דערלאנגט א פּאטש אויף א טיש און שרייט אויס:

## נאָך פון זיינע תורה.

איינמאָל, זאָגענדיג פּרק, טוט משה יאק א זאָג צום עולם:

— זעהט נאָר סא א פארקעהרטע וועלט ביי אונז איז, גאָר ניט ווי אין הייליגען סדור. זומער, אז אין פּרק שטעהט „היום־קצר“, איז ווי אויף להכעים ביי אונז דער טאָג לאנג; ווינטער ווען דער „ברכי נפשי“ זאָגט דאכט זיך מפורש „זה הים גדול“, איז דער טאָג דוקא קליין.

———:———

## אַ פראגע פון אַ קצב.

קומט דער שטענדיגער קויפער ביי קצב אריין מיט א שמחה:

— גיט מיר אָפּ מזל טוב, קצב, מיין טאָכטער האָט מיט מזל געבוירען א מיידעלע, א געראָטענע. וועגט קיין עין הרע צעהן פונט.

— שוין מיט די ביינער? — פרעגט דער קצב.

———:———

## ער קען דאָ אויך הערען.

רופט די מוטער דעם קינד.

— אהרנ׳לע, מיין זוהן, קום אראָפּ, עס דונערט.

— מאמע, איך קען עס דאָ אין דער הויך אויך הערען. — ענטפערט דער זוהן פון דאך.

———:———

## ער געהט ווי יענער זעהט.

אַ הינקענדיגער אויף איין פוס האָט געהאט א פריינד א בלינדען אויף איין אויג. אז דער בלינדער פלעגט באגעגענען דעם הינקענדיגען, פלעגט ער איהם א פרעג טאָן:

— ווי געהט עס, פריינד?

— ווי דו זעהסט, — איז געוועזן דעם הינקענדיגענס ענטפער.

———:———

## משה יאק׳ס תורה.

משה יאק, א ווילנער נגיד און א ווילדער עם הארץ, האָט געהאט א שטאָט אין שוהל נעבען דעם בעוואוסטען משכיל ניסן ראָזענטאל. ביים דאווגען פלעגט משה יאק שטענדיג פרעגען דעם משכיל קשיות און ניסן פלעגט איהם ענטפערען גוטע תירוצים.

איינמאָל ראש חודש צו הלל טוט ער איהם א פרעג:

— זעה נאָר, ניסן, וואס דאָ שטעהט: „הים ראה, וינוס הירדן“ — דער ים האָט דערזעהן, איז דער ירדן אנטלאָפען“, וואָס פאר א פשט האָט עס?

— גערעכט, — ענטפערט ניסן — דיין קשיה פרעגט טאקע דער הלל הקדוש „מה לך הים, כי תנוס הירדן“. וואָס איז דיר דער ים, אז דער ירדן ענטלויפט?“

———:———

איין, אז ער זאָל עסען מעהר; פון פערציג איז אָבער „בן ארבעים לבינה“ קומט מען צום שכל, אז טרינקען איז דער עיקר. איך בין אבער א געלעהרטער, ווייס איך דעם אמת'ן שכל פריהער נאָך פאר פערציג און האלט פון טרינקען בעסער.

———:———

# אלע פיער אין איינעם.

א אידישער געלעהרטער האָט אמאָל געזאָגט:

— און מיר געפינען זיך אלע מעלות פון אלע ארבעה בנים פון דער הגדה: איך בין א חכם — ווייל — „כי לא לחכמים לחם“ (די חכמים האָבען ניט קיין ברויט); איך בין א רשע — ווייל „לוה רשע ולא ישלם“ (דער רשע לייהט און באצאָהלט ניט); א תם בין איך, ווייל — „כי תם הכסף“ (עס איז אויסגע־גאנגען די געלט); און א „שאינו יודע לשאול“ בין איך אויך, ווייל — איך קען מעהר ערגעץ ניט שואל'ן (לייהען).

———:———

# ממה נפשך.

דער באריהמטער לץ, אפרים גריידינער, האָט פאר זיין גסיסה יעדערען דערצעהלט, אז גאָט האָט זיך צו איהם באוויזען און איהם געזאָגט, אז ער וועט פון זיין קראנקהייט ניט שטאר־בען. זיינע גוטע פריינד, וועלכע האָבען זיך געוואונדערט אויף זיינע רייד, האָט ער געזאָגט:

— ממה נפשך, וועל איך טאקע בלייבען לעבען וועט מען מיך האלטען פאר א נביא; אלא וואס, איך וועל שטארבען — וואָס אַרט דאס מיך, אז מען וועט מיך האלטען פאר א שווינדלער?

———:———

## דאָס גערט דיך ניט אָן.

ר׳ אייזיק בער ציטערט אויף. פון הינטען האָט איהם איי־נער דערלאַנגט אזא פּאטש אין פּלייצע, אז ער איז שיעור ניט אומגעפאלען. דרעהט ר׳ אייזיק אום האסטיג דעם פּנים זעהן זיין בעל דבר. ערשט וועלוועל שרה לאה׳ס, אויך א בית המדרש איד, שטעהט פאר איהם און פארענטפערט זיך מיט טויזענד שבועות, אז ער האָט א טעות געהאט, ער האָט געמיינט, אז עס איז זיין שוואָגער, פרידבערג.

— און אייער שוואָגער דארפט איהר אזוי פּאטשען אין פּלייצע? — פרעגט ר׳ אייזיק בערל.

— הערט א זאך — ענטפערט וועלוועל — דאָס גערט דאָך דיך ניט אָן.

———:———

## אַ געלעהרטער קריגט דעם אמת׳ן שכל פריהער.

אַ יונגער געלעהרטער מאן האָט אויך ליעב געהאט דעם ביטערען טראָפּען, און פלעגט גאנץ אָפּט נעמען א „כוס". זיינער א פריינד האָט באשלאָסען אויסצוריידען איהם אויף אן איידע־לען אופן:

— דו ווייסט דאָך — זאָגט צו איהם דער פריינד — וואָס די חכמים זאָגען, אז ביז פערציג יאהר דארף א מענש מעהר עסען ווי טרינקען, און דו ביזט דאָך נאָך יונגער פון פערציג?

— עס איז ניט ריכטיג, — האָט דער געלעהרטער געזאָגט — שטענדיג איז טרינקען פריהער פון עסען. נאָר ביז פערציג יאהר האָט נאָך א מענש קיין פארשטאַנד ניט, רעדט מען איהם

— אוועק, רשע, — האָט דער גבאי אויף איהם אָנגע־שריען — איך וועל באלד זאָגען דעם רבי׳ן, וועט ער דיר פאר־שילטען.

— אזוי ? ! דער רבי סטראשעט ? — האָט ער קיין מלאכים אויך ניט.

———:———

## דאָ ליגט דער אומגליק.

א קרעטשמער האָט אמאָל געפרעגט זיין ווייב :

— איך קען ניט פארשטעהן, — האָט ער זיך געוואונ־דערט — דאכט זיך, די בראנפען מישען מיר מיט וואסער האלב אויף האלב, אויסער דעם שרייבען מיר אויך צו צו יעדער קוואָרט נאָך אן איבריגע האלבע קוואָרט, און פונדעסטוועגען האָבען מיר אליץ ניט קיין מזל ברכה. וואס קען דאס זיין, און וואָס ליגט דער שלים מזל ?

— וואָס פארשטעהסטו ניט, מיין מאן. די צרה ליגט דארין. וואָס אין די צוגעשריבענע גיסען מיר ניט קיין וואסער.

———:———

## ביי וואָס ער האַלט.

א קלוגער יונג איז אמאָל אריינגעקומען פסח צו א פרומען אידען, ווען דער איד האָט אָפּגעריכט דעם סדר. האָט ער איהם געפונען זאָגענדיג די הגדה. דער יונג האָט זיך געגרייט מאכען שפּאָס און גיט א פרעג :

— רבי, וואו האלט איהר אין דער הגדה ?

— ביי „ואתה כלבא", — האָט דער איד גלייך געענטפערט.

———:———

# אַ קלוגע קינד.

— מזל טוב דיר, קלמנ׳קע, דו וועסט יעצט האָבען א קליי־נינקע שוועסטער מיט וועמען זיך צו שפּילען. אָבער וואו לויפסטו דאָס אזוי?

— איך לויף דערצעהלען דאָס דער מאַמען.

———:———

# אַ צו גרויסע צרה.

— איך פארשטעה ניט, ווען גאָט האָט ביי איוב׳ן אלעס צוגענומען, פאר וואס האָט ער איהם געלאָזען דאס ווייב?

— וואָס פארשטעהסטו ניט? גאָט האָט דאָך איוב׳ן דער־נאָך אפּגעגעבען אלץ צוויי מאָל אזוי פיעל. הייזט ווען ער וואָלט ביי איוב׳ן דאָס ווייב אויך צוגענומען, וואלט ער דאך איהם גע־מוזט אָפּגעבען צוויי ווייבער, און אזא צרה האָט גאָט איוב׳ן אויך ניט געוואָלט אָנמאכען.

———:———

# טייז מיט מלאכים.

א געוויסער קאָרטען שפּילער איז ערב יום כפּור געקומען צום חסיד׳שען רבי׳ן און זיך געוואָלט ארייַנשפּארען צום רבי׳ן אין חדר מיוחד. דער גבאי, וואס איז געשטאַנען ביים טיר, האָט איהם ניט אריינגעלאָזען.

— געהט, געהט, — האָט דער גבאי געזאָגט — דער רבי איז איצט פארנומען מיט מלאכים.

— זאָגט דעם רבי׳ן, אז איך האָב טייז. — האָט דער קאָר־טען־שפּילער געזאָגט.

# גוטע ווערטלאך.

1. דאָקטוירים אָהן פּאַציענטען — קענען ניט לעבען; פּאַציענטען אָהן דאָקטוירים — וואָלטען אָפט לענגער געלעבט.

2. אַ קארגער וועט גיכער הונדערט מאָל דאנקען, איידער איין מאָל באצאָהלען.

3. אַ שלים־מזל זאל אפילו פאלען אויפ'ן פלייצע, וועט ער אויך צושלאָגען דעם נאָז.

4. אַ קארגער איז גלייך צו א חזיר: אליין עסט ער... און די פעטקייט קלייבט ער פאר א צווייטען.

5. די ווארהייט איז נאקעט... אזוי ווי די מענשען זיינען זעהר פרום, ווילען זיי אויף איהר ניט קוקען.

6. אויף דער גאנצער וועלט היטען די מענשען איין תורה: וואָס מֶעהרער נעמען, וואס ווינציגער געבען.

———:———

# שאלות ותשובות.

— פאר וואס אז א דאָקטאר ווערט קראנק, רופט ער אַן אנדערען דאָקטאר און ער קען זיך אליין ניט היילען?

— גאנץ פשוט, ווייל קיין מענש וויל זיך אליין ניט אָנטאָן א מיתה.

— פאר וואס זיינען ווייבער אזוי שלעכט, אז אָפט ווען זיי ווילען שוין זאָגען א גוט וואָרט דעם מאן, שילטען זיי איהם אויך?

— די מענער האָבען זיי דאָס אויסגעלערנט זיין פאלש. זיי הערען פאלשע קאָמפּלימענטען פון פרעמדע מענער, כאָטש דער אמת איז פארקעהרט.

———:———

# זיין תירוץ.

קומט די מאַמע מיט א פּאַראיבעל צום בחור.

— דו, אויסוואורף, צולאָזענער, ווי וואגסטו דאָס צו קושען מיין טאָכטער? ווי ערלויבסטו זיך דאָס?

— איך ערלויב מיר? — ענטפערט געלאסען דער בחור — זי ערלויבט מיר, אייער טאָכטער, פרעגט איהר.

---

# דער ריכטיגער טייטש.

אן איידעם האָט אמאָל פּאַרטייטשט דעם פסוק „תזל כטל אמרתי" תזל — עס זאָל געשוואָלען ווערען; כטל — ווי א באַרג; אמרתי — מיין שוויגער. אז מען האָט ביי איהם גע־פרעגט, וואו האָט ער דאס גענומען דעם פּשוט? האָט ער גע־ענטפערט:

— ווי דען זשע, קען דען זיין אנדערש דער פשט? איהר מוזט דאָך מיר אליין מודה זיין, אז איך בין גערעכט. לאָמיר נעמען כסדר: „אמרתי," — איז דאָך געוויס מיין שוויגער, וואָרים ווער דען איז בילכער געשוואָלען צו ווערען, ווי מיין שוויגער? תזל — איז געוויס דער פשט געשוואָלען ווערען, וואָרים, וואס דען דאַרף מיין שוויגער, אויב ניט געשוואָלען ווערען? איצט כטל, מיינט געוויס א באַרג, וואָרים אויב שוין יא געשוואָלען ווערען, איז אפילו ווי א באַרג אויך פאַר איהר ווינציג.

---

## עס איז גוט, אָבער די צרה.

צוויי יונגע איידימלעך, זיידענע יונגעלייטלאך, זיינען געזעסען אין בית המדרש און זיך פארנאַנדערגערעדט וועגען שלמה המלך.

— שטעל זיך פאָר, ווי גוט שלמה המלך איז געוועזן, ער האָט דאָך געהאַט טויזענט ווייבער.

— אָ, — ענטפערט דער אנדערער, — ניטאָ וואס צו מקנא זיין. האָט ער געהאט טויזענט ווייבער, האָט ער אויך געהאט טויזענט שוויגערס.

———:———

## פארוואָס זי לאָזט שרייען.

— וואָס לאָזט איהר אייער קינד אזוי פיעל שרייען? — האָט מען געפרעגט ביי א מוטער.

— וואָס זאל איך טאָן? — האָט די מוטער געענטפערט — זאָל איך איהם ניט לאָזען, וועט ער דאָך נאָך מעהר שרייען.

———:———

## זי לאָזט ניט.

רעדט די מאמע אוים דער טאָכטער:

— איך האָב דיר, טאָכטער, א סך מאָל אָנגעזאָגט, אז דו זאָלסט ניט לאָזען, אז דעם שכנ'ס זוהן זאָל דיר געבען א קוש.

— איך לאָז דען? — ענטפערט די מיידעל. — דו האָסט געמעגט זעהן, יעדעם מאָל וואס ער גיט מיר א קוש, גיב איך איהם אָפּ צוריק.

———:———

דער קצב האָט זעהר געוויינט און דער אָקסען-הענדלער האָט איהם גענומען טרייסטען:

— וויינט ניט, מחותן, מיר זיינען וואָרטס-לייט, דער שדוך בלייבט שדוך און דער יתום בלייבט מיינער.

———:———

## זיי ריידען ווינציגער.

מען האָט אמאָל געפרעגט ביי א גרויסען פילאָזאָף, אפשר וויים ער, אין וועלכען חודש רעדען די ווייבער צום ווינציגסטען, וועט מען דאמאָלט ניט דארפען אנטלויפען פון דער היים אין די פרייע מינוטען, וואס מען האָט נאָך דעם ארבייטס-טאָג.

— אין פעברואר. — האָט דער פילאָזאָף געענטפערט.

— פאר וואס עפעס אין פעברואר? — האָט מען איהם געבעטען געבען צו פארשטעהן.

— גאנץ פשוט, — האָט דער פילאָזאָף געענטפערט — ווייל דער מאָנאט האָט נאָר אכט און צוואנציג טעג.

———:———

## זיי האלטען אַ סוד.

— א וואונדערליכע זאך, — האָט זיך אמאָל א לץ געוואונדערט. — דוכט זיך, די פרויען קענען קיינמאָל קיין סוד ניט האלטען און פלוידערען אלעס אוים, אָבער דאָך איז פאראן איין געוויסער סוד, וואס זיי וועלען אייך קיינמאָל אין לעבען ניט אויסזאָגען און האלטען עס פארבאהאלטען.

— וואָס איז דאָס? — איז מען געוואָרען נייגעריג.

— דער סוד פון זייערע יאהרען, ווי אלט זיי זיינען. — איז געווען זיין ענטפער.

———:———

האָט ער דערזעהן אז עס פעהלט איהם פופציג דאָלער און האָט געפרעגט די שטוביגע, וואו די געלט איז.

— דו האָסט דאָך מיר אליין געהייסען צוטיילען פופציג דאָ־לער אויף צדקה. — האָט די ווייב געזאָגט.

— אזוי, — האָט זיך דער גביר אָפּגערופען — איך געדענק גאָר ניט. איך האָב געמוזט ליעגען אין גרויסע היץ, איך זאָל הייסען טאָן אַזאַ זאַך.

———:———

## גוט אריין אָבער שלעכט ארויס.

צוויי פריינד ארומפאָהרער האָבען זיך געטראָפען אין וועג און פארפיהרט א שמועס וואו צו פארפאָהרען, און וועלכע איז א בעסערע אכסניה.

— איך ווייס איין אָרט, — האָט איינער געזאָגט — דאָרטען איז אויסנאַם גוט צו פארפאָהרען, מען האָט דאָרט אלע באַ־קוועמליכקייטען.

— יע, — האָט דער אנדערער געענטפערט — איך ווייס דעם אָרט. דאָרט איז טאקע גוט אריינצופאָהרען, אבער זעהר שווער ארויסצופאָהרען. (ווייל מען בארייסט זעהר).

———:———

## אַ וואָרטס-מאַן.

אַ געוויסער אָקסען-הענדלער, וואס האָט געהאט א טאָכ־טער, האָט געטאָן א שדוך מיט א זוהן פון א קצב.

נאָך די תנאים האָט זיך געמאכט דאס דער אבי החתן, דער קצב, איז קראנק געוואָרען און דער צוקינפטיגער מחותן, דער אָקסען-הענדלער, איז איהם געקומען געוואָהר ווערען.

קארגער ווי אויף אנדערע זאכען. דער תירוץ איז אבער, זי האָט געזשאלעוועט זאלץ, ווייל זאלץ מאכט אפעטיט צו עסען אנדערע זאכען.

———:———

## דער פארקעהרטער נוסח.

אין צדוק הדין געפינען זיך די ווערטער „ד' נתן, ד' לקח, יהי שם ד' מבורך."

ביי א געוויסען לץ האָט זיך אמאָל געמאכט, אז עס איז געשטארבען זיינער א רייכער פעטער, וועלכער האָט פאר איהם איבערגעלאָזען א גרויסע ירושה. אז ס'איז געקומען צו דער לויה האָט ער געזאָגט צדוק הדין זעהר פלייסיג. אָבער אז ס'איז געקומען צו די דערמאנטע ווערטער, האָט ער זיי געזאָגט פארקעהרט „ד' לקח וד' נתן, יהי שם ד' מבורך."

———:———

## אין אזא היץ געלעגען.

דער גרעסטער גביר פון שטעטעל איז געווען זעהר א קארגער. ער האָט ממש ניט פארגונען די ברויט וואס ער פלעגט עסען. איינמאָל האָט זיך געמאכט, דאס דער גביר איז געוואָרען זעהר קראנק און אלע דאָקטוירים האָבען איהם אָפּגעזאָגט דעם לעבען. דער גביר האָט מיט די שוואכע קרעפטען צוגערופען דער ווייב צום בעט און איהר געזאָגט, אז זי זאל צוטיילען פופציג דאָלער צדקה און הייסען זאָגען תהלים. די ווייב האָט אזוי געטאָן. שפּעטער איז דער גביר געוואָרען בעסער און אויסגעהיילט געוואָרען. אז ער איז געקומען צו זיינע חשבונות,

## וואָס פאַר אַ פאַלשע וועלט.

אַ געוויסער ריכטער האָט שטילערהייט זיך געלאָזט אונ־טערקויפען פון איין צד. דער בעל־דבר האָט אונטער'ן טיש אריינגערוקט דעם שופט אין האנט פינף גרויסע מטבעות און ער האָט גע'פסק'נט ווי יענער האָט געוואָלט.

אז דער שופט איז נאָכ'ן משפט געקומען אהיים און ארויס־גענומען די מטבעות, האָט ער דערזעהן אז די פינף גרויסע מטבעות זיינען גאָר געווען פינף שטיקלאך קופּער.

— אוי, אוי, — האָט דער שופט געזיפצט — וואָס פאר א פאלשע וועלט מיר האָבען דאָס היינט.

———:———

## ער דאַרף דאָך וויסען.

אַ געוויסער פּראָסטאַק האָט שבת געדאווענט מיט דעם טלית איבערגעווארפען איבער'ן קאָפּ, ווי עס פּאסט פאר א למדן. אז הערשעל האָט דאס געזעהן, האָט ער איהם געפרעגט:

— דו ביזט דאָך געוויים א למדן, דארפסטו דאָך וויסען, אז אַ פּראָסטאַק דארף ניט טראָגען דעם טלית איבער'ן קאָפּ.

———:———

## פאַרוואָס עפּעס אין זאַלץ.

ר' שמשון חקרן האָט אין בית מדרש ערקלערט דעם טעם, פארוואס לוט'ס ווייב האָט געזשאַלעוועט זאלץ פאר די אורחים, וואס זי איז דערפאר פארוואנדעלט געוואָרען אין א שטיק זאלץ. אין פלוג איז דאָך א קשיה, וואס איז זי עפּעס געווען אויף זאלץ

# על חטא.

הערשעל האָט אמאָל זיך צו'דרשה'ט און געזאָגט:
— דער על חטא האָט אונז געטאָן א גרויסע טובה. אזוי, למשל, ווען עס וואָלט זיך פארוועלען טאָן אן עבירה, וואָלט איך ניט וויסען פון וואס אויסצוקלויבען און וועלכע איז בעסער צו טאָן, איצט, אָבער, איז דאָ אָ רשימה פון עבירות איז עס אָ מחיה, איך עפען אויף דעם סדור און קלויב אויס פון על חטא, וועלכע עבירה מיר געפעלט.

———:———

# עס וועט זיין גלייך.

הערשעל האָט אמאָל גערעדט א שדוך, איז די כלה געווען א הויכע און דער חתן זעהר א נידריגער. האָבען אלע געזאָגט צו איהם, אז עס איז זעהר א קרומע זאך רעדען אזאַ שדוך.
האָט זיי הערשעל געענטפערט:
— איהר האָט א טעות, עס קען קיין גלייכערע זאך אין דער וועלט ניט זיין. ער וועט איהר שוין אראָפּנעמען די קאָפּ, און זיי וועלען זייןביידע גלייך.

———:———

# ווען יעדער עסט גוט.

די ווייב עסט גוט, ווען זי ליעגט אין קינפעט; דער מאַן עסט גוט, ווען ער זיצט אין סוכה, זיי ביידע עסען גוט, ווען זיי זיינען ביי א פרעמדען אויף א שמחה, און ביידע עסען... קדחת, ווען זיי מאכען אן אייגענע שמחה.

———:———

אויף מַבינות ווייזען, אבער דו ביזט דאָך דאָ ניט קיין בעל־הבית?

— מען קען גאר ניט וויסען — ענטפערט הערשעל — די וועלט זאָגט א ווערטעל „איינער בויט און דער אנדערער וואוינט". היינט, טאָמער וועט דאָ מיר אויסקומען צו וואוינען, וויל איך אז די קיך זאל זיין דאָ און דער זאַל דאָ, נאָך מיין וואונש.

——:——

## פאר וועמען דער בית עולם איז.

פריהער, פאר אסטראפּאָלע, האָט הערשעל געוואוינט אין זעהר א קליין שטעטעלע, די שטעטעל האָט פארמאָגט פּונקט צעהן דערוואקסענע אידען, פּונקט ריכטיג אויף צו מאכען א מנין. די אידען האָבען געהאט א שוהל׳כעל און א בית עולם.

איינמאָל איז דורכ׳ן שטעטעל דורכגעפאָהרען א רייזענדער, וואָס האָט דאָרט געהאלטען שבת, און האָט זיי געפרעגט:

— צו וואס דארפט איהר א בית־עולם מיט א שוהל׳כעל? ממה נפשך: וועט איהר אלע לעבען, דארפט איהר דאָך קיין בית עולם ניט; וועט איינער שטארבען, וועט דאָך פעהלען צו א מנין, דארפט איהר דאָך קיין שוהל ניט?

— מיר וועלען טאקע אלע לעבען, — האָט הערשעל געענטפערט — נאָר דעם בית עולם דארפען מיר פאר דורכרייזענדע.

——:——

האָט זיך ר׳ ברוכ׳ל זעהר צולאכט און געזאָגט :

— זאָג מיר, הערשעל, דאָס איז דאָך אלץ אויף שפּאס, אָבער, דעם אמת, וואס טראכסטו צו ענטפערען אויף יענער וועלט?

— אָט וועל איך אייך זאָגען, — ענטפערט הערשעל — איך האָב א צוגעגרייטע טענה : רבונו של עולם! דו האָסט באַשאפען דעם מנשען מיט פיער „על כרחה״ס, נעמליך, ע״כ אתה נולד, ע״כ אתה חי, ע״כ אתה מת וע״כ אתה עתיד ליתן דין וחשבון. דריי על-כרחה׳ס האָב איך׳ שוין איבערגעקומען, וואס וועט זיין דער געפאהר, רבונו של עולם, אז דו וועסט מיר שענקען איין בעל-כרחה, בעט איך דיך טאקע, גאָט ברוך הוא, שענק מיר דעם לעצטען בעל-כרחך און בעט ביי מיר ניט קיין חשבון.

———:———

## מען וויים ניט פאר ווען מען בויט.

אין אסטראפּאָליע האָט א בעל-הבית געבויט א הויז און גערופען הערשלען פאר א מבין. דער בעל-הבית האָט איהם געוויזען ווי עס וועט אלעס אויסזעהן :

— דאָ — האָט ער ערקלערט הערשלען — וועט זיין דאס שפּייז-צימער, דאָרט דער שלאָף-צימער, רעכטס דער קינדער-צימער און אין ווינקעל די קיך.

— ניין, זאגט הערשעל — איהר זאָלט אזוי ניט בויען. דאָס געפעלט דאָך מעהר ניט אייך, אבער איך פארלאנג אז די קיך זאל זיין דוקא רעכטס און דער קינדער צימער אין ווינקעל.

— וואָס הייסט דו פארלאנגסט? — האָט זיך דער בעל-הבית געוואונדערט — איך האָב דאָך דיר מעהר ניט גערופען

## וואָס הערשעל וועט טענה'ן אויף יענער וועלט.

הערשעל איז אמאָל געוואָרען קראַנק און דער רבי ר' ברוכ'ל איז איהם געקומען מבקר חולה זיין. זיי האָבען אזוי פאַרבראכט און הערשעל האָט אפילו קראַנקערהייט ניט פאַרלאָרען זיין מוט און געמאכט מיט זיינע ווערטלאך פרעהליך דעם רבי'ן.

האָט ר' ברוכ'ל א פרעג געבען הערשלען:

— זאָג מיר, הערשעל, צו האָסטו קראַנקערהייט אמאָל א טראַכט געגעבען, וואס וואָלסטו טענה'ן אויף יענער וועלט?

— וואָס דאַרף איך פריהער טראַכטען, — האָט הערשעל געזאָגט — אז מען וועט מיך פרעגען, וועל איך טרעפען וואָס צו ענטפערען.

— נו, לאָמיר נעמען למשל, — זאָגט דער רבי — און איך וועל דיך פרעגען די טענות, און לאָמיר הערען וואס וועסטו ענטפערען.

— גוט. — האָט הערשעל מסכים געוועזן.

— מה שמך? — פרעגט ר' ברוכ'ל הערשלען.

— געצעל.

— סטייטש, — כאַפּט זיך דער רבי — מען רופט דאָך דיר הערשעל?

— נו, אז איהר ווייסט, וואס פרעגט איהר?

— עסקת באמונה? (האָסטו געהאַנדעלט אָרענטליך?) — פרעגט ווייטער דער רבי.

— אז איהר האָט מורא, טאָר האנדעלט ניט מיט מיר.

— מה תקנת בעולם? (וואָס האָסטו פאַרריכט אויף דער וועלט?)

— אמאָל תחתונים, אמאָל א העמד. — האָט הערשעל געענטפערט.

— ווי אזוי זעהסטו דאָס?

— גאנץ פשוט, — האָט הערשעל ערקלערט — אמאָל האָבען אידען געמענגט נעמען עטליכע ווייבער, איז געקומען ר׳ גרשון, א הייליגער איד, און געמאכט א חרם, אז מען זאָל ניט נעמען מעהר ווי איין ווייב. אבער איהר, זעה איך, זייט נאָך הייליגער פון רבינו גרשום, און צוויי יונגעלייט באנוגענען זיך גאָר מִיט איין ווייב, זעהט מען דאָך סאָ הייליגע פאָלק אידען זיינען.

די חברה האָבען זיך צולאכט און איהם געגעבען א פיינע נדבה.

---

## איידער מען דערשלאָגט זיך צו דעם.

הערשעל איז אמאָל ארוים אין מארק און זעהט, עס שטעהט א רעדעל מיט מענשען און לאכען פון דעם און פון יענעם, דער־הויפט האָבען זיי זיך געטשעפעט צו די אביונים. רופט זיך אָפּ הערשעל:

— איהר לאכט פון קבצנים? איהר מעגט מיר גלויבען, איך האָט אליין געזעהן פיעל נגידים אדירים, מיליאָנערען, וועלכע האָבען פארקויפט הייזער, סקלאדען, טייערע מעבעל, גאָלד און זילבער, מיט איין וואָרט, זיי האבען פארקויפט אלעם וואס זיי האָבען געהאט, ביז זיי האבען זיך דערשלאָגען צו ווערען אָרי־מעלייט. היינט וואס איז דאָ צו לאכען פון אָרימעלייט?

---

איבער, דעריבער נעמט ביי איך די שמונה עשרה לאנג; איך האָב אבער מעהר ניט ווי א ווייב און א ציעג, בערעכען איך מיר איינמאָל ווייב ציג, ציג ווייב און פּארטיג, אויסגעשטאַנען די שמונה עשרה.

———:———

## וואָס עס מיינט רזין דרזין.

הערשעל פרעגט אמאָל ר׳ ברוכ׳ן:

— רבי, וואס איז דער חלוק פון רזין ביז רזין דרזין.

דער רבי האָט פארשטאַנען, אז הערשעל וויל דאָ עפּעס זאָגען א וויץ, זאָגט ער צו איהם:

— אדרבה, הערשעל, זאג דו דעם חילוק.

רופט זיך אָן הערשעל:

— דער חילוק איז פּשוט: רזין הייסט אזוינע תורה, וועלכע איהר ווייסט און איך ניט; רזין דרזין הייסען אזוינע, וועלכע מירביידע ווייסען ניט.

———:———

## ישראל עם קדושים.

הערשעל איז אמאָל געגאנגען נאָך נדבות און אָנגעטראָפען אויף צוויי יונגעלייט, וועלכע זיינען געזעסען מיט א מיידעל און געשפּיעלט אין קאָרטען. די חברה האָבען געקאַנט הערשלען, זאָגען זיי:

— הערשעל, זאג אונז א גוט וואָרט, וועלען מיר דיר געבען א פיינע נדבה.

— וואָס האָב איך אייך צו זאָגען? איך זעה נאָר פון אייך, אז אידען זיינען ווירקליך אן עם קדושים.

## ער קען עס משפּט'ן.

הערשלען האָט אמאָל עפּעס שטארק פארדראָסען אויף ר' ברוכ'לען. האָט ער באשלאָסען ער זאָל איהם געדענקען, ער קומט צוגעהן צו ר' ברוכ'לען און פרעגט איהם:

— רבי, איך וויל ביי אייך האָבען א דין תורה.

— וואָס קומט דיר אוים גראדע ביי מיר זיך משפּט'ן? — פרעגט איהם ר' ברוכ'ל.

— די דין תורה איז מיט גאָט אליין — ענטפערט הער־שעל — איך האָב צו איהם א סך טענות.

— און אז מיט גאָט, מוזטו דאָס משפּט'ן זיך ביי מיר? — פרעגט אלץ ר' ברוכ'ל.

— פארשטעהט איהר מיך — ענטפערט הערשעל — אלע איבריגע רבנים האָבען מורא פאר גאָט, ווייס איך אז זיי וועלען געווים גאָט צו'פּסק'נען, אז ער איז גערעכט. איהר, אָבער, האָט דאָך פאר גאָט קיין מֹורא ניט, וועט איהר פּסק'נען אן אמת'ע דין־תורה.

———:———

## ער מאַכט עס קורץ.

ר' ברוכ'ל האָט אמאָל געפרעגט הערשלען:

— הערשעל, פארוואס געהסטו אזוי גיך אוים שמונה עשרה?

האָט הערשעל געענטפערט:

— פארשטעהט איהר מיך, רבי לעבען, איהר האָט א סך זילבער און גאָלד, געדויערט לאנג איידער איהר רעכענט דאס

— פארשטעהסט איהר מיך, אז די גויה נעמט ביי מיר אראָפּ די לייכטער אום שבת, גיב איך איהר א שטיקעל חלה, אבער אז קהל האָט אראָפּגענומען די לייכטער, דארף מען זיי געבען א גאנצע חלה.

אַלע האָבען זיך צולאכט. דער ראש הקהל האָט זיך אָפּגע־רופען צו הערשלען:

— הערשעל, זאָג אונז נאָך א גוט ווערטעל, וועלען מיר דיר אָפּגעבען די לייכטער און באפרייען פון פּאָדאטקעס.

זאָגט צו זיי הערשעל:

— גיט מיר אפריהער די לייכטער צוריק, דאמאָלט וועל איך אייך עפּעס זאָגען וועגען אייך.

מען האָט איהם אָפּגעגעבען די לייכטער. הערשעל האָט גענומען די לייכטער, זיי איינגעפּאקט און זיך אויפגעשטעלט צו געהן.

— יעצט וועל איך אייך זאָגען — האָט הערשעל אָנגע־הויבען — מיר איז שטענדיג א וואונדער איין זאַך. קהל נעמט דאָך איין פּאָדאקטעס, אָפּצאָהל פון ליכט, קאראבקע פון פלייש און נאָך א סך איינגעמונגען, פארוואס נעמט זי שוין אויך ניט איין קיין מיתה משונה? דער תירוץ איז אבער, מיינע פריינד, קהל טוט נאָר אזוינע זאכען, וואס איז ניט רעכט, זיי ראבעווען למשל די אָרימעלייט, נעמען משכנות ביי אביונים, אבער איינ־נעמען א מיתה משונה וואלט געווען זעהר א רעכטע זאך, און קיין רעכטע זאך טוט קהל ניט.

———:———

איך געה אביסעל ווייטער, ערשט איך באגעגען א רוח.
— וואוהין געהסטו, רוח? — פרעג איך איהם.
— איך געה אויף דער חתונה — ענטפערט דער רוח — מאכען אביסעל קונצען.

זיינען מיר געגאנגען זאלבעפיערט. איך מיט'ן רב, דער אינדיק מיט'ן רוח. מיר זיינען געגאנגען ביז מיר זיינען געקומען צו א טייך. איך, הערשעל, בין א בריה און האָב געקענט אריבער דעם טייך. דער רוח קען דאך געווים אריבער, דער רב אבער מיט'ן אינדיק, צוויי שווערע לייט, זיינען געבליבען שטעהן און נים געקענט אריבער. מיר געהען דאָך אבער אין קאָמפּאניע, דארף מען זיי ארויסהעלפען. וואָס זשע האָבען מיר געטאָן? — האָט דער רוח געכאפּט דעם רב, און איך דעם אינדיק (ביי די ווערטער האָט הערשעל אָנגעכאפּט דעם אינדיק פון טיש) און מיר זיינען אריבער.

דער אינדיק איז שוין געבליבען ביי הערשלען אין די הענט.

———:———

## הערשעלס גוטע ווערטלאך וועגען קהל.

הערשעל איז כידוע כל ימיו געווען אן אָרימאן. ער האָט אָבער פארמאָגט א שטיקעל הייזקע און האָט געדארפט צאָלען פאדאטקעס (טעקסעס) צו קהל. אז ער האָט נים געהאט מיט וואָס צו בעצאָלען, האָט קהל ביי איהם צוגענומען די לייכטער פון טיש.

אז הערשעל האָט דאס דערזעהן, האָט ער גענומען א קוילעטש (א גרויסע חלה) און אוועקגעטראָגען צו קהל. האָט מען איהם פון קהל געפרעגט, וואס איז דאס פאר א קוילעטש? האָט זיי הערשעל געענטפערט:

— וואָס הייסט פּארוואס? — פרעגט די ווייב מיט כעס צוריק — פּארוואָס זעצען לייטען איין געגז?

— הערסטו דאָך, — האָט הערשעל געענטפערט — דאָס פרעג איך דאָך, לייטען זעצען געגז, האָבען זיי פּאַרוואָס, אָבער דו פּארוואס זאָלסטו זיי זעצען?

———:———

## הערשעלס אַ מעשה.

הערשעל איז אמאָל געזעסען ביים רבי'ן ר' ברוכ'ל ביים טיש. מען האָט דערלאנגט צום טיש א געבראָטענעם אינדיק. האָט איינער פון די געסט, א רב פון א שטעטעל, גענומען דעם אינדיק צו זיך און איהם אָנגעהויבען איינטיילען אין חלקים. ר' ברוכ'לען איז ניט געווען געפעלען דעם רב'ס שניידען און דערלאנגט א וואונק הערשלען, ער זאל געפינען א וועג ווי צו־צונעהמען ביים רב דעם אינדיק.

האָט זיך הערשעל אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— רבותי, איך האָב זיך דערמאָנט א שעהנע מעשה, וואס מיט מיר האָט געטראָפען און איך וועל אייך דאָס דאָ דערצעה־לען.

מען האָט מיך אמאָל גערופען אויף א חתונה פרעהליך צו מאכען דעם עולם. אזוי ווי איך געה, ערשט איך באגעגען א רב.

— וואוהין געהט איהר, רבי? — האָב איך איהם געפרעגט.

— אויף דער חתונה נעהמען רח"ש.

איך געה ווייטער, באגעגען איך אן אינדיק.

— וואוהין געהסטו, אינדיק? — האָב איך איהם געפרעגט.

— איך געה אויף דער חתונה, מען זאל מיך קוילענען, וועט מען האָבען פליישׁ צו דער חתונה.

ארויף אויפ'ן בוידעם און דאָרט ווייטער גע'טענה'ט מיט איי־נעם. שפּעטער איז ער אראָפּ צוריק מיט דער קאפּאָטע.

— פּארוואס האָסטו ניט אָפּגעגעבען דעם דלות זיין קאָ־פּאָטע? — האָט איהם די ווייב געפרעגט.

— הערסט דאָך — האָט הערשעל געענטפערט — די מאָס טויג ניט. דער דלות איז דערווייל גרעסער און גרעבער גע־וואָרען.

——:——

## אַ ריכטיגער באוויז.

הערשעל איז אמאָל ארייגעפאלען צווישען א קאָמפּאַניע הולטייעס, וועלכע זיינען אויך געווען גרויסע לצים. אז זיי האָ־בען דערזעהן הערשלען, האָבען זיי אָנגעהויבען פון איהם מאכען ליצנות און איהם א פרעג געטאָן:

— זאָגט, ר' הערשעל, וואס איז גאָט א זכר צו א נקבה?

— געווים א זכר, — האָט הערשעל אויפ'ן שטעל געענט־פערט — ווייל, ווען ער וואָלט זיין א נקבה, וואָלט איהר פון איהם געהאט א הרהור.

——:——

## לייט האָבען פארוואָס.

הערשעלס ווייב רופט זיך איינמאָל אָפּ צו איהם:

— גיב מיר עטליכע קאָפּיקעס.

— וואָס דארפסטו געלט? — פרעגט איהר הערשעל.

— איך וויל איינזעצען גענז. — ענטפערט די ווייב.

— פאר וואס זאָלסטו זיי איינזעצען? — פרעגט הערשעל מיט א רוגז.

# ווי הערשעל באַקומט געלט ביי זיין ווייב.

הערשעל האָט אמאָל דערשמעקט, אז זיין ווייב האָט עט־ליכע קערבלאך און האָט געזוכט אן עצה ווי זיי ביי איהר צו באַקומען. ער איז ארויף אויפ׳ן בוידעם און פון דאָרט עפּעס גערעדט, גע׳טענה׳ט און ווי געבייזערט זיך אויף אימיצען. אז ער איז אראָפּ פון דאָרט, האָט איהם די ווייב געפרעגט:

— הערשעל, מיט וועמען האָסטו דאָס דאָרט גערעדט אויפ׳ן בוידעם?

— מיט דעם דלות. — ענטפערט הערשעל.

— וואָס האָסטו דאס מיט איהם גע׳טענה׳ט אזוי לאנג?

— הערסטו דאָך, — זאָגט הערשעל — דער דלות האָט מיר געזאָגט, אז ווען איך זאָל איהם נאָר אויפנייהען א נייע קאַפּאָטע, טרעט ער פון מיר אָפּ אויף אייביג.

— טאָ פארוואס מאכסטו איהם ניט קיין קאַפּאָטע? — פרעגט דאָס ווייב.

— ווייל איך האָב ניט די עטליכע קערבלאך, וואס די קאַ־פּאָטע דארף קאָסטען.

— איך האָב די געלט, — זאָגט די ווייב — נא דיר דריי רובעל און ניי איהם אויף א קאַפּאָטע, און זאל ער פון אונז איינמאָל פאר אלעמאָל אוועקגעהן. דו ווייסט דאָך אבער ניט זיין מאָס? — האָט זי איהם געפרעגט.

— איך דארף ניט זיין מאָס, — ענטפערט הערשעל — ער איז פונקט ווי איך, עס זאָל נאָר פעהלען א האָר.

די ווייב האָט געגעבען הערשלען די געלט און הערשעל איז אוועק אין קראָם און געקויפט סחורה און געלאָזט אויפנעהען א קאַפּאָטע.

אַז די קאַפּאָטע איז געוואָרען פארטיג, איז הערשעל צוריק

האָט די געלט אריינגעלעגט אין קעשענע, זיך אויפגעשטעלט אוועקצוגעהן און געזאָגט:

— פערשטעהט איהר מיך: אין דער ערד ליגט איהר; אָנ־געטאָן געהט איהר אין תכריכים, פעהלט אייך טאקע מעהר ניט, אז ווערים זאָלען אייך עסען.



## ווי אזוי בראָנפען ווערט העלפען.

ר' ברוך'ל איז אמאָל געפאָהרען ווינטער אין וועג מיט הערשלען און עס איז אויסגעבראָכען א זאווערוכע מיט א ווינד אויף סכנות נפשות. ר' ברוכ'ל מיט ר' הערשלען האָבען זיך איינגעדרעהט אין זייערע פעלצען, דאָך האָט דער ווינט זיי דורכ־גענומען און געמאכט אויפציטערען זייערע ביינער. רופט זיך אָפּ הערשעל צום רבי'ן:

— רבי לעבען, אוואו איז ערגעץ די פלאש בראָנפען?

— וואָס דארפסטו איצט די בראָנפען, הערשעל? — האָט איהם ר' ברוך'ל געפרעגט — וואָס קען דיר די בראנפען איצט העלפען?

— פארשטעהט איהר מיך, רבי לעבען, — האָט הערשעל געענטפערט — דער ווינט בלאָזט מיר אין פנים, וויל איך נעמען אביסעל בראָנפען, ווערט זיך מיר פארדרעהען די קאָפּ, ווערט דער ווינט בלאָזען אין פאטיליצע.



עפּעס אויפטאָן א שעהנע שטיק. הערשעל האָט גענומען א סידור׳ל, געהט צו צו דעם מיוחס און הויבט אָן לערנען די משנה פון „במה מדליקין.“

— במה מדליקין ובמה אין מדליקין, אין מדליקין לא בלכש ולא בחוסן ולא בחלב נחום...

— הא? — האָט מען איהם אָנגעהויבען אונטערזאָגען פון אלע זייטען — וואס איז דאָס פאר א פשט „ולא בחלב נחום“ ר׳ נחום געהערט דאָך אראָפּ.

— איהר זייט גערעכט, — האָט הערשעל געענטפערט און הויך געזאָגט אין דעם מיוחס זייט — ר׳ נחום דארף געהן אראָפּ.



## וואָס דעם גביר פעהלט.

געהענדיג איבער די הייזער, איז הערשעל אמאָל אָנגע־קומען צו א גרויסען גביר. ס׳איז דאמאָלט געווען זומער. אין דרויסען איז געווען זעהר היים, דער גביר איז, אָבער, געווען אין קיהלען בייסמענט, אָנגעטאָן אין א ווייסען, טייערען כאלאט און געררויכערט א טייערע ליולקע.

דער גביר האָט געקליבען נחת פון זיין רחבות, אז ער האָט דערזעהן הערשלען, האָט ער איהם גלייך א פרעג געגעבען:

— זאָג מיר, הערשעל, וואס פעלט מיר איצט, וועל איך דיר געבען א שעהנע נדבה.

הערשעל האָט א טראכט געטאָן און געזאָגט:

— גיט מיר פריהער די נדבה, וועל איך אייך דערנאָך זאָגען וואָס אייך פעלט.

דער גביר האָט איהם געגעבען א שעהנע נדבה. הערשעל

וואָלסטו אריינגעגאנגען צום רבי'ן און איהם בעטען ער זאל מיר געבען אויף שבת?

רופט זיך אָן דער יצר טוב:

— איך וואָלט דיר, הערשעל, אודאי געטאָן אזא קליינע טובה, נאָר איך קען דיר שווערען, אז זייט איך לעב, איז מיין פוס אויף זיין שוועל ניט אריבערגעקומען.

———:———

## דער פראָסט איז א נואף.

עס איז געווען ווינטער, דער פראָסט האָט געברענט און ביי הערשלען אין הויז איז געווען קאלט סכנת־נפשות. עס איז אויסגעגאנגען די האָלץ און הערשעל האָט ניט געהאט קיין געלט אויף איינצוקויפען נייע. איז הערשעל אוועק צום רבי ר' ברוכ'ל און געזאָגט, אז ער האָט א שווערע זינד אויפ'ן פראָסט, ער איז א נואף.

— ווי אזוי ווייסטו דאָס? — פרעגט איהם ר' ברוכ'ל.

— גאנץ פשוט, — זאָגט הערשעל, — מיין ווייב איז אוועק אין מארק, ערשט דער פראָסט לויפט איהר נאָך, זי לויפט אריין אין שטוב, ער איז דאָ נאָך איהר. זוך איך א שייטעל האָלץ איהם ארויסטרייבען, ערשט עס איז ניטאָ קיין שייטעל האָלץ.

———:———

## ר' נחום געהט אראָפּ.

איינמאָל האָט זיך אָן ארימער מיוחס מיט'ן נאָמען ר' נחום זיך ארויפגעזעצט אויבען אָן אין בית מדרש. אלע האָבען געוואָלט, ער זאל אראָפּגעהן, נאָר קיינער האָט ניט געוואגט איהם זאָגען א וואָרט. האָט מען געבעטען הערשלען, ער זאל

ער זיך אָפּ צו מיר: „דו נאַר איינער, אויך א דאגה? געה אריין צום רבי ר׳ ברוכ׳לען, נעם ביי איהם א זילבערנע לעפעל, וועסטו האָבען אן אויפגעשפּילטען שבת.״ בקצור, איך האָב איהם גע־פּאָלגט און טאקע געהאט א שבת כיד המלך. פאראכטאָגען האָב איך ווייטער גיט געהאט אויף שבת, האָב איך מיר גע־וואָלט געהן אויף דעם אלטען גאנג, וואס דער יצר הרע האָט מיר געוויזען, ערשט דער יצר טוב באגעגענט מיך און פרעגט:

— הערשעל, וואוהין געהסטו?

דערצעהל איך דעם אמת, אז איך געה צו רבי׳ן נעהמען א לעפעל, איך זאל האָבען אויף שבת. רופט זיך אבער אָפּ דער יצר טוב:

— פאָלג מיך, גנב׳ע ניט, גאָט וועט דיר העלפען, דו וועסט אזוי אויך אויספיהרען דעם שבת.

בקצור, איך האָב איהם געפאָלגט, און אויסגעפיהרט דעם שבת מיט צרות און מיט ליידען.

היינטיגען דאָנערשטאג האָב איך ווייטער ניט אויף שבת, און געה ארום און קלער ווענען זאל איך פאָלגען, דעם יצר טוב אָדער דעם יצר הרע. באגעגענט מיך ווידער דער יצר טוב און זאָגט צו מיר:

— זעהסטו, הערשעל, אָט האָסטו אויסגעפיהרט דעם לעצ־טען שבת אָהן גנבה, גאָט האָט דיר געהאָלפען.

— גוטער ברודער, — ענטפער איך איהם — איך האָב טאקע אויסגעפיהרט, אבער אז אָך און וועה צו אַזאַ אויספיה־רען, מיט צרות און מיט ליידען. דעם שבת רעכען איך בעסער צו פאָלגען דעם יצר הרע.

כאפּט זיך אויף דער יצר טוב מיט א גוואלד און שרייט:

— הערשעל, גנב׳נען טאָר מען דאך ניט.

זאָג איך צו איהם:

— אויב דו ווילסט מיך יא פאַרהיטען פון א זינד, טאָמער

## ער זאָל ניט געהן אין וואסער.

ר' ברוך'ל איז אמאָל געגאנגען אין וואסער. עס איז געווען זעהר קאלט, האָט זיך דער עולם געשראָקען דער רבי זאָל חלילה זיך ניט צוקיהלען, האָט מען געשיקט נאָך הערשלען, ער זאל דעם רבי'ן אומקעהרען מיט א גוט וואָרט. איז הערשעל ארומ־געלאָפען און דעריאגט דעם רבי'ן:

— רבי, רבי, — האָט ער געשריען — פאָלגט מיך, קעהרט זיך אום, געהט ניט אין וואסער, ווארים מיין ווייב איז געגאנ־גען אין וואסער, איז זי געוואָרען גראָב ווי א פאַס.

———:———

## ער איז ביי איהם קיינמאָל ניט געווען.

הערשעל האָט איינמאָל געהאט א פארדרוס אין הארצען אויף ר' ברוכ'לען, און האָט באשלאָסען איהם ארייגזאָגען מיט א וואָרט, אז ער זאל איהם געדענקען. בין מנחה למעריב, ווען דער עולם איז געווען פול אין בית־המדרש, איז הערשעל צוגע־גאנגען צו ר' ברוכ'לען און איהם אָנגעהויבען דערצעהלען א מעשה. דער עולם האָט זיך ארומגעשטעלט הערען וואס הער־שעל וועט דערצעהלען.

— הערט איהר, רבי, — האָט הערשעל אָנגעהויבען — פאר צוויי וואכען האָב איך ניט געהאט אויף שבת, געה איך מיר אזוי ארום פארקלערט און טראכט, וואו נעמט מען ערגעץ אויף שבת? ערשט דער יצר־הרע געהט מיר אָן אנטקעגען און פרעגט: „הערשעל, וואס ביזטו אזוי פארטראכט?" האָב איך איהם דערצעהלט מיין זאָרג, אז איך האָב ניט אויף שבת. רופט

## הערשלען איז קיין דאגה ניט קיין פוהר.

הערשעל אין זיינע וואנדערונגען איבער דער וועלט, פלעגט מעהרסטענס געהן צו־פוס.

האָבען איהם די מקורבים אמאָל געפרעגט:

— הערשעל, פארוואס געהסטו נאָר צו־פוס, פארוואס קוקסטו זיך ניט ארום, מען זאָל אמאָל קענען זיך אריבערכאפען מיט א פוהר?

— איך האָב קיינמאָל קיין דאגה ניט מיט א פוהר — האָט זיי הערשעל געענטפערט — דען קוים געה איך נאָר ארויס פון שטאָט, קומט מיר באלד אנטקעגען א פוהר...

---

## פון זיינטוועגען און פון עולמ׳ס וועגען.

ווען הערשעל איז געווען משמש ביי ר׳ ברוכ׳לען, האָט דער רבי מיט איהם אויסגענומען א תנאי, אז מען זאָל איהם אלע טאָג פרעגען וואס צו קאָכען. איינמאָל איז דער רבי געווען מרה־שחורה׳דיג און עפּעס צוטראָגען, ערשט הערשעל קומט איהם אָן אנטקעגען און פרעגט:

— רבי, וואס זאל מען היינט קאָכען?

— פון מיינטוועגען — האָט דער רבי געענטפערט מיט כעס, וואס הערשעל שטערט איהם אין מחשבות — זאָל מען קאָכען שפּענער.

האָט איהם הערשעל אבער גלייך געענטפערט:

— אז פון אייערטוועגע, שפּענער, טאָ וואס זאָל מען קאָכען פאר דעם עולמ׳ס וועגען?

---

האָבען צוזאַמען געטרונקען וויין. נאָר אַזוי ווי ביי מיר איז ניט געווען געגוג וויין, האָב איך זיי אוועקגעפיהרט אין שענק אריין און מיר האָבען זיך גענומען צום טרינקען, איז אַזוי ווי איך בין שוין מיט דעם טרינקען געוואוינט, האָט דאָס מיר ניט געשאַדט און איך האָב געטראָפען אהיים, נאָר זיי זיינען קליינע טרינקער, האָבען זיי שוין ניט געקענט געהן אהיים און זיינען געבליבען דאָרט אין שענק ליגען און זיינען דאָרט נאָך איצט אויך.

האָט ר׳ ברוכ׳ל פון דער מעשה פארשטאַנען, אז ער האָט זיין סדור פארזעצט אין שענק פאר משקה, האָט ער געשיקט דאָס אויסלייזען און איהם ווייטער געגעבען.

---

## ווי אַזוי הערשעל מאַכט אַ מנין.

הערשעל איז אמאָל געקומען אויף א יריד גראַדע אין דעם טאָג, וואס ער האָט געהאט יאהר־צייט.

האָט ער געוואָלט צו מנחה מאכען א מנין, אָבער דאָס איז געווען אונמעגליך אויסצופיהרען, ווייל יעדער איז געווען שטאַרק פארנומען. הערשעל איז אבער געפאלען אויף אן עצה. ער איז אריין אין שטוב און דורכ׳ן פענסטער געמאכט גרויסע קולות:

— גוואלד, גוואלד!

אלע מענשען זיינען אריינגעלאָפען אין הויז און גענומען זיך ארומקוקען, וואס האָט דאָרט געטראָפען, אבער הערשעל האָט א קלאַפּ געגעבען איבער׳ן טיש און א געשריי געטאָן:

— יתגדל ויתקדש שמיה רבה.

איז שוין דער עולם ניט אוועק און געדאווענט מנחה בצבור.

---

און די גאנז האָט אראָפּגעלאָזען די אנדער פיסעל און איז אנט־לאָפען.

— הערסטו א שכל, — ענטפערט הערשעל — דו האָסט דאָך א טרייב געטאָן מיט די הענט. מעגליך, ווען דו זאָלסט געווען ביים טיש אויך א טרייב טאָן מיט די הענט, וואָלט אויך געוואָרען צוויי פיסלאך. (דאָס האָט ער געמיינט, ווען דער פּאָטער וואָלט איהם א קלאפּ טאָן איבער די הענט, וואָלט ער ניט גע־גומען די פיסעל.)

———:———

## וואו הערשעלס סדור איז געבליבען.

הערשעל איז אמאָל געקומען צום רבי׳ן ר׳ ברוכ׳ל אום ערב־פסח און דערצעהלט איהם, אז ער האָט ניט אין וואָס צו זאָגען די הגדה. ר׳ ברוכ׳ל האָט ארויסגענומען זיין סדור און עס אָפּגעגעבען הערשלען.

צום אנדער סדר איז הערשעל ווידער געקומען צום רבי׳ן און דערצעהלט, אז ער האָט ווייטער ניט אין וואס צו זאָגען די הגדה.

— סטייטש! — האָט ר׳ ברוכ׳ל זיך געוואונדערט — ערשט נעכטען האָב איך דיר געגעבען מיין סדור און אָט האָסטו שוין ווידער ניט אין וואס צו זאָגען, וואו איז מיין סדור?

— אָ, עס איז א גאנצע מעשה דערביי — ענטפערט הערשעל — נעכטען האָב איך אָנגעהויבען זאגען די הגדה און בין אזוי צוגעקומען צום אָרט וואו עס שטעהט „מעשה ברבי אליעזר ורבי עקיבא ורבי טרפון“, און איך האָב פאר זיך דער־זעהן אזעלכע געסט, מיט וועלכע איך האָב זיך א גאנץ יאהר ניט געזעהן, האָב איך זיי זעהר שעהן אויפגענומען און מיר

# ווען א גאנז האט נאר איין פיסעל.

ווען הערשעל איז נאך געווען א קינד, איז ער אמאל געזעסן, ווינטער צייט, מיט דעם פאטער און געגעסן מיטאג. מען האט דערלאנגט געגזען פלייש מיט די פיסלאך פון א גאנז.

אז דער פאטער האט זיך א ווײלע פארקוקט אן א זייט, האט הערשעל א כאפ געטאן א פיסעל און דאס אויפגעגעסן. אין א ווײלע ארום, האט זיך דער פאטער ארומגעזעהן, אז אין שיסעל איז נאר דא איין פיסעל, זאגט ער צו הערשלען:

— הערשעל, פארוואס האסטו דאס אויפגעגעסן א פיסעל?

— ניין, טאטע, דו האסט א טעות — ענטפערט הערשעל — איך האב די פיסעל ניט געגעסן, די גאנז האט מעהר ניט געהאט ווי איין פוס.

— וואס? — זאגט דער פאטער — האסטו אמאל געזעהן א גאנז מיט איין פוס?

— געוויס, האב איך געזעהן, — זאגט הערשעל — קום מיט מיר צום טייך, וועל איך דיר ווייזען א סך גענז, וואס האבען נאר צו איין פוס.

דער טאטע האט איינגעשטימט. נאכ'ן עסען זיינען זיי ביידע אוועק צום טייך. הערשעל האט דעם פאטער געוויזען א גאנז, וואס איז געשטאנען נאר אויף איין פוס און די אנדערע האט זיך ניט ארויסגעוויזען.

— נו, זעהסטו, — זאגט הערשעל מיט נצחון, — אט איז א גאנז וואס האט נאר איין פוס.

— דו האסט א טעות, — ענטפערט דער פאטער — אט וועל איך דיר ווייזען, אז זי האט אויך צוויי פיס.

דער פאטער האט א טרייב געטאן די גאנז מיט די הענט,

## הערשעל שענקט איהם דעם ערשטען מאָל.

הערשעל איז איינמאָל פרייטאג געגאנגען אין מרחץ אריין, איז געקומען א גרויסער גביר און געזאָגט, ער וויל א גוטער שמייסער זאל איהם אויספּארען און אויסשמייסען. איז צוגע־גאנגען הערשעל צום גביר און געזאָגט, אז ער איז א גוטער שמייסער, נאָר ער וויל דער גביר זאָל איהם פריהער באצאָלען.

דער גביר האָט הערשלען ניט געקאָנט און געזאָגט דעם שמייסער, וואס איז איהם די נפקא מיניה און איהם באצאָלט פריהער.

הערשעל האָט גענומען די געלט, געהייסען דעם גביר ארויפקריכען אויפ'ן אויבערשטען באנק, דאָרט איהם ארומגע־זייפט, ארומגעוואשען און, לאָזענדיג דעם גביר ליגען אויפ'ן באנק ווארטען אויף דאָס שמייסען, איז ער געלאסען אראָפּ פון באנק.

דער גביר איז געלעגען א האלבע שעה און אז ער האָט גע־זעהן, אז דער שמייסער קומט ניט, איז ער אראָפּ פון באנק און אויפגעזוכט הערשלען.

— זאָגט מיר, — האָט איהם דער גביר געפרעגט — איהר האָט ביי מיר גענומען די געלט פאראוים, פארוואס שמייסט איהר מיך ניט?

ענטפערט איהם הערשעל:

— פארשטעהט איהר מיך, דערפאר וואס איהר האָט זיך אליין געלעגט, שענק איך אייך דעם ערשטען מאָל די שמיץ.

דער גביר האָט זיך דערוואוסט, אז דאס איז געווען הער־שעל און האָט איהם די געלט געשענקט.

———:———

## הערשעל שעמט זיך.

אמאל, ביינאכט, זיינען צו הערשלען אין שטוב אריין גנבים. זיי זוכען אויף דרערד, זיי טאפען אויף די ווענט, טאמער הענגען מלבושים אדער לייכטער, — עס איז אבער גאר ניט צו געפינען.

דערווייל האט הערשעלס ווייב דערהערט די גנבים, וועקט זי הערשלען אין דער שטיל:

— הערשעל, הערשעל, גנבים זיינען ביי אונז אין הויז.

— שווייג שטיל, — ענטפערט איהר הערשעל — אויף מיר פלאמט דער פנים פון בושה, וואס זיי האבען ניט וואס צו נעה־מען, און דו שרייסט נאך און דאס ארט דיך גאר ניט.

---

## ווי אזוי הערשעל פארבייט א העמד.

הערשלען האט געטראפען א סיבה. ער איז געגאנגען אין באד און מען האט דארט ביי איהם אוועקגע׳גנב׳עט א העמד. איז ער אוועק אהיים און געבעטען זיין ווייב, זי זאל איהם געבען א העמד.

— וואו איז די העמד, וואס איך האב דיר מיטגעגעבען אין באד אריין? — האט די ווייב געפרעגט.

— יענע העמד האט מיר איינער פארביטען, — האט הער־שעל געענטפערט.

— טא אוואו איז יענעמס העמד? — פרעגט ווייטער די ווייב.

— יענער האט זיינע פארגעסען אנידערצולעגען. — האט הערשעל קורץ געענטפערט.

---

# אַ ליגען, ניט געטראכט.

אן עושר האָט אמאָל געזאָגט צו הערשלען?
— הערשעל, זאג מיר א ליגען ניט געטראכט, גיב איך דיר א רובעל.
זאָגט הערשעל צו איהם:
— איהר האָט דאָך געזאָגט, אז איהר גיט מיר צוויי רובעל.

———:———

# הערשעל רייסט מיט גוואלד.

הערשעל איז אמאָל אריין אין א געוועלב און געהייסען מען זאָל איהם אָפּרייסען ריפּס אויף א קאפּאָטע. דער קרעמער האָט פאר איהם אָפּגעריסען. הערשעל האָט צוגעכאפּט דעם ריפּס און איז אוועקגעלאָפען.

האָט דער קרעמער גערופען מענשען, מען האָט איהם נאָכגעיאגט ביז מען האָט איהם געכאפּט.

פרעגען די מענשען הערשלען:

— הערשעל, וואס האָסטו דאָס געטאָן?

— פארשטעהט איהר מיך, — האָט הערשעל זיי געענטפערט — איהר זעהט דאָך איך געה נאקעט, און וואס מען רייסט ניט אָפּ מיט גוואלד, דאָס האָט מען ניט.

די מענשען האָבען געמאכט צווישען זיך א נדבה און באצאָהלט דעם קרעמער.

———:———

— סטייטש, ר׳ הערשעל, פון וואנען ווייסען אבער די מייז, אז נאָך דעם אפיקומן טאָר מען שוין מעהר ניט עסען?

ענטפערט איהם הערשעל:

— זיי האָבען ביי מיר אויפגעגעסען א שלחן ערוך, ווייסען זיי דאָך שוין דעם דין, אז נאָכ׳ן אפיקומן טאָר מען ניט עסען.

———:———

# הערשעלס ענטפער.

הערשעל איז אמאָל פרייטאג ארומגעגאנגען מיט נאָך א חסיד איבער די הייזער און איז אריין צו א גביר, א פרייען, בע־טען א נדבה.

פרעגט דער גביר הערשלען:

— אויף וואס קלויבט איהר דאָס די געלט?

— אויף חלה אויף שבת. — האָט הערשעל געענטפערט. רופט זיך אָפּ דער גביר:

— אָט דערפאר האָב איך פיינט די חסידים: א גאנצע וואָך הייסט עס ביי זיי בולקע, עס קומט שבת רופען זיי דאס חלה.

האָט איהם הערשעל גלייך געענטפערט:

— דערפאר האָב איך פיינט די יונגע גבירים. זיי האלטען א מויד אין שטוב. בייטאָג רופען זיי איהר דינסט, ביינאכט — גאָר ווייב.

———:———

הערשעל האָט צוגענומען די געלט, און געהייסען דעם בעל־חוב געהען מיט איהם. זיי זיינען אוועק אין מארק, און הערשעל האָט געקויפט פאר די געלט פינף היהנער.

— אָט דאָס איז מיין פּלאַן, — זאָגט הערשעל צום בעל־חוב — די היהנער וועלען לייגען אייער, יעדע הוהן צו דרייסיג, וועלען מיר האָבען בס"ה הונדערט פופציג אייער. דערנאָך וועל איך איבערזעצען די היהנער אויף די אייער, וועלען זיי האָבען הינדעלאך, די הינדעלאך וועל איך אויסהאָדאָווען און ווייטער זעצען אויף אייער, וועט ווייטער זיין הינדעלאך און אזוי וועל איך דיר באצאָהלען דעם חוב.

אז דער בעל־הבית האָט דערהערט הערשעל'ס רעכענונג, האָט ער זיך שטארק פארנאַנדערגעלאכט.

— דיר איז גוט צו לאכען — זאָגט הערשעל — ווייל דיר האָב איך שוין גע'סלוק'ט, וואס וועלען אבער טאָן די איבריגע בעלי־חובות ?

———:———

# הערשעל'ס אן עצה.

איינער האָט זיך געקלאָגט פאר הערשלען, אז ביי איהם אין דירה זיינען דאָ זעהר פיעל עכברים.

זאָגט צו איהם הערשעל :

— איך האָב אן עצה : לעגט אוועק צו שטיקלאך אפיקומן ביי יעדער נארע, און נאָך דעם אפיקומן טאָר מען דאָך שוין ניט עסען, איז ווי די מייז וועלען אויפעסען די שטיקלאך אפיקומן, וועלען זיי שוין מעהר ניט אנריהרען קיין זאך.

גיט איהם יענער א פרעג :

אַז הערשעל האָט דאָס דערהערט, האָט ער אראָפּגעלאָזען די פּאָלעס, דערלאַנגט א פּאטש מיט די הענט און אָנגעהויבען וויינען און קלאָגען, אַז ער חלש'ט, איהם איז ניט גוט. דערווייל זיינען ארויסגעפאלען די אייער פון פּאָלע און זיך צובראָכען.

הערשעל איז אנטלאָפען. דער גוי איז אבער געשטאַנען א לאנגע צייט איבער די צובראָכענע אייער און געוויינט:

— אָ גדיע מאָיאָ פּראַצאָ ? (אוואו איז מיין האָרעווען ?).

———:———

## איהם האָט שוין הערשעל באצאָהלט, דעריבער איז איהם גוט צו לאכען.

צו הערשלען איז אמאָל געקומען א בעל־חוב, ביי וועמען ער האָט אמאָל, ווען ער האָט געדארפט חתונה מאכען א קינד, געליהען פופציג רובעל. דער בעל־חוב האָט געמאָנט די געלט, אָבער הערשעל האָט ניט געהאט וואס איהם צו געבען.

זאָגט הערשעל צום בעל־חוב :

— ווען דו ווילסט מיר געבען נאָך צוויי רובעל, האָב איך א פלאן, וואס איך קען דיר אָפּגעבען דעם חוב און מיר זאָל נאָך אויך עפּעס בלייבען.

— נו, מילא, — זאָגט דער בעל־חוב — איך האָב איינגעשטעלט פופציג רובעל, דארף מען קריכען מיט נאָך צוויי.

און ער האָט דערלאנגט הערשלען צוויי רובעל.

# הערשעל לערנט אָן א גוי.

איינמאָל איז הערשעל ארוים אין מארק אין א מארק־טאָג. ער זעהט א רעדל מענשען שטעהען ארום א גוי און דינגען ביי איהם אייער. דער גוי האָט זיך איינגעשפּארט און געבעטען א טאָפּעלען פּרייז פאר יעדער שאָק. וויפיעל מען האָט צו איהם גע׳טענה׳ט, אז ס׳האלט אין מארק נאָר דרייסיג קאָפּיקעס א שאָק, האָט גאר ניט געהאָלפען. דער פויער איז געווען פאר׳עקשנ׳ט און געזאָגט, אז זיינע אייער זיינען בעסערע און ווערט 60 קאָפּיקעס א שאָק.

דער עולם האָט אָנגעהויבען צו לאכען פון גוי. ווי מען האָט דערזעהן הערשלען, האבען אלע זיך גאר דערפרעהט און גע־בעטען איהם, ער זאל עפּעס מַאכען א שפּיעל, אז דער גוי זאל איהם געדענקען.

הערשעל איז צוגעגאנגען צום פויער און אָנגעהויבען זיך מיט איהם צו דינגען. ער באָט איהם פערציג קאָפּיקעס א שאָק. דער גוי וויל ניט און הערשעל געהט אוועק. ער קומט אבער באלד צוריק און איז איהם ביסלעכווייז מוסיף, ביז ער האָט איהם געגעבען די גאנצע זעכציג קאָפּיקעס, וואס דער פויער האָט גע־בעטען. דער פויער האָט אָנגעהויבען צעהלען די אייער. הער־שעל האָט דערווייל א שושקע געטאָן איינעם פון זיינע פריינד אין אויער, און יענער איז אוועקגעגאנגען.

ווען דער גוי האָט געענדיגט צעהלען, האָט הערשעל אָנ־געשטעלט די פּאלעס, דער גוי זאל איהם דאָרט איבערלעגען. ערשט דער מענש, הערשעל׳ס פריינט, קומט צולויפען, א צו־קאָכטער, און שרייט צו הערשלען אויף רוסיש:

— הערשקא, סקאריי, טואָיא מאטקא פּאמערלא. (הערשעל, לויף געשווינד, דיין מאמע איז געשטארבען).

בעל־הבית איז אויפגעשטאַנען, אָנגעצונדען א ליכט און צוגע־גאַנגען ארום אויוועז. ער קוקט אויף הערשלען, אבער ער שלאָפט געשמאַק, איז ער צוריק אוועק שלאָפען. אין א שעה ארום מען הערט ווידער א קול: „רוק זיך ארויף". אין א ווילע ארום: „רוק זיך אראָפּ". דער בעל־הבית איז ווייטער אראָפּ זוכען, אבער קיין זאך ניט געפונען. זיינען זיי שוין געלעגען אין שרעק ביז אינדערפריה.

אז מען איז אויפגעשטאַנען, פרעגט דער בעל־הבית הערש־לען, וואס האָט ער דאס געשריען פון שלאָף?

זאָגט הערשעל:

— אז איהר וועט מיר שענקען א מלבוש, וועל איך אייך דערצעהלען, וועט איהר פארשטעהן, אז איך רייד אמת.

דער בעל־הבית איז געווען נייגעריג צו הערען, האָט ער אויסגעזוכט אן אלטען כאלאט און עס אוועקגעגעבען הערשלען.

הערשעל האָט גענומען דעם כאלאט און געזאָגט צום בעל־הבית:

— איצט וועל איך אייך זאָגען וואס דאָס איז. איך געה אין א צוריסענעם פעלצעל און ער איז זעהר קורץ. אז איך דעק מיר צו די פיס און ווער אנטשלאָפען, ווערט מיר קאלט אין פלייצע, שריי איך פון שלאָף, „רוק דיך ארויף". רוק איך ארויף, ווערט מיר אבער קאלט אין די פיס, שריי איך צוריק „רוק זיך אראָפּ", ווערט מיר קאלט אין זייט. שריי איך „רוק זיך אהער", „רוק זיך אהין". איצט, אבער, אז איהר האָט מיר געגעבען א לאנגען און ברייטען כאלאט, וועל איך שוין ניט דארפען שרייען.

אָט אזוי האָט הערשעל געקראָגען עסען און א מלבוש.

———:———

קיין עסען, איך בעט נאָר פון אייך איין זאך, אזוי ווי איך בין מיעד און צובראָכען, זאָלט איהר מיר ערלויבען זיך לעגען ביי אייך צווישען אויוועון שלאָפען. איהר וועט מיר פשוט מחיה זיין און מאָרגען פריה געה איך גלייך אוועק.

דער בעל-הבית האָט זיך געקווינקעלט, אבער ביים סוף איהם ערלויבט.

הערשעל האָט זיך געלעגט שלאָפען. ליגענדיג, האָט ער גע־זעהן, ווי די בעל-הבית'טע האָט אָפּגעשניטען די נעגעל, אריינ־געלעגט אין א שטיקעל פּאַפּיר און דאס אריינגעוואָרפען אין אויוועון. דערנאָך איז זי ערגעץ ארויס פון שטוב.

הערשעל האָט געזעהן אז קיינער איז אין הויז ניטאָ, איז ער אראָפּ פון געלעגער, אויסגעזוכט א גענזענעם פעדער מיט א מעסער און אויסגעשניטען שטיקעלאך פעדער פונקט ווי נעגעל, דאס פארוויקעלט אין א פּאַפּיער, אריינגעווארפען גלייך אין דער וועטשערע, וואס האָט זיך געקאָכט אין אויוועון און אוועק צוריק שלאָפען.

שפּעטער זיינען געקומען דער בעל-הבית מיט דער בעל־הבית'טע און זיך געזעצט עסען. ווי נאָר זי האָט דערלאנגט די וועטשערע, ערשט דער בעל-הבית זעהט, ביי איהם אין טעלער שווימט עפּעס ארום א פּאפּירעל. ער נעהמט עס ארויס, עפענט אויף, ערשט ער זעהט, אינעווייניג ליגען עפּעס נעגעל.

די בעל-הבית'טע האָט דערצעהלט דעם מאן, אז זי האָט אָפּגעשניטען די נעגעל און אריינגעוואָרפען אין אויוועון, קען זיין, אז דער פּאפּירעל איז ניט ווילענדיג אריינגעפאלען אין טאָפּ.

איז ביי זיי געבליבען, אז זיי זאָלען די יויך ניט עסען. זיי האָבען אויפגעוועקט הערשלען און איהם אָפּגעגעבען זייער וועטשערע.

שפּעטער זיינען אלע געגאנגען שלאָפען. אין א ווײלע ארום מען הערט א געשריי פון הערשעל'ס זייט: „רוק זיך". דער

## דאָס שטיקעל ברויט שלעפּט זיך.

הערשעל האָט אמאָל גענומען א שטיקעל ברויט, דאָס צוגע־בונדען צו דער קאַפּאָטע און אזוי ארומגעגאנגען אין גאס.

באגעגענט איהם א פריינט און פרעגט איהם:

— וואָס מאכסטו, הערשעל? ווי געהט עס?

— אָט זעהסטו דאָך, — ענטפערט איהם הערשעל — א דאנק גאָט, דאס שטיקעל ברויט שלעפּט זיך.

——:——

## ווי הערשעל קריגט עסען און מלבושים.

הערשעל איז איינמאָל אין אבענד געקומען אין א קרעטש־מע. דער בעל־הבית פון קרעטשמע האָט געהאט א שם פאַר א רשע, וואס פלעגט ניט געבען קיין אָרימאן קיין ביסען ברויט צו פארזוכען און פלעגט אלעמען ארויסווארפען פון הויז. הער־שעל האָט אבער גראדע ליעב געהאט צו באזוכען אזוינע קרעטש־מעס, און ער האָט זיך באריהמט פאר אלעמען, אז אויך אין דער קרעטשמע וועט ער האָבען עסען און טרינקען און אפילו א מלבוש אויך.

אז הערשעל איז ארייגעטראָטען אין שטוב, פרעגט איהם דער קרעטשמער:

— וואָס דארפט איהר, ר' קרוב, אודאי א נדבה? קנאפּ איז זיי די שלעפער דער טאָג, זיי געהען נאָך ביינאכט.

ענטפערט איהם הערשעל מיט א געמאכטען רחמנות פנים:

— איך פארלאנג פון אייך ניט קיין נדבה, און אויך ניט

# הערשעל זאָגט אַ גרעסערען ליגען.

הערשעל האָט זיך אמאָל באגעגענט מיט יאָסעל מארשאַ־לעק, א באַוואוסטען בדחן, אויף א חתונה. נו, פארשטעהט זיך אליין, אז זיי ביידע אויף איין חתונה, איז פונקט ווי צוויי קעץ אין איין זאק.

האָבען זיי זיך אָנגעהויבען שפּארען, ווער זאָל בלייבען אויף דער חתונה און ווער זאָל אוועקגעהן. רופט זיך אָפּ יאָסעל צו הערשלען:

— ווייסט וואָס, הערשעל, לאָזען מיר מאכען אזוי, ווער עס וועט זאָגען א גרעסערען ליגען, יענער זאָל בלייבען אויף דער חתונה.

הערשל האָט מסכים געווען. מען האָט געוואָרפען גורל, ווער עס זאָל זאָגען פריהער דעם ליגען, איז געפאלען אויף יאָסלען.

האָט יאָסעל אָנגעהויבען זאָגען זיין ליגען:

— איך בין אויפגעשטאַנען — האָט ער דערצעהלט — גאַנץ פריה, עס איז נאָך געווען פינסטער, האָב איך געזעהן שטעהענ־דיג א פלוי אויף דעם שפּיץ דאַך און געגענעצט, האָב איך איהר געוואָרפען א שטיינדעל אין מויל אריין און זי איז דערוואָרגען געוואָרען.

רופט זיך אָפּ הערשעל:

— עס איז טאקע אמת, איך האָב דאָס מִיט מֿיינע אויגען געזעהן.

———:———

— זאָל אייך ניט ארען, ר׳ איד, וואָס די ארורה רעדט, איהר טהוט אייערעם.

— וואָס זשע זאָל איך טאָהן ? — פרעגט דער אורח, ניט זעהענדיג ערגעץ קיין סימן פון עסען.

— איהר טהוט אייך אייערס, — זאָגט הערשעל — נעהמט דעם זאק און לעגט אייך שלאָפען.

———:———

## צוליעב וואָס הערשעל לעגט זיך אויף דר׳ערד.

הערשעל איז אמאָל ארויס אויף דעם מארק און געמאָס-טען די ערד מיט זיין שטעקען, פלוצלונג האָט ער זיך אנידער-געלעגט און זיך אויסגעצויגען אויף דער הוילער ערד.

די מענשען, וועלכע זיינען דאמאָלט דורכגעגאנגען דעם מארק, האָבען זיך זעהר געוואונדערט און איהם געפרעגט, וואס זאָל דאס באדייטען.

— פארשטעהט איהר מיר — האָט זיי הערשעל גענטפערט — איך קלער דאָ אויף דעם אָרט אויסבויען א הויז, האָב איך דאָ ארומגעמאָסטען, וואו עס זאל זיין דער הויף, וואו די צימערען, וואו דער אויווען. און דאָ אוואו איך ליג איז מיר אויסגעקומען צו מאכען דעם אויווען, האָב איך מיך שוין דער-ווייל ארויפגעלעגט אויפ׳ן אויווען.

———:———

## זי וועט זיין אינגאנצען הינטער איהם.

הערשעל איז אמאָל אריין אין א קרעטשמע איבערצונעכ־טיגען. פון זיין הלוך האָט מען גלייך דערקענט, סאַ גרויסער קבצן ער איז. מען האָט איהם דעריבער גאָר געגעבען א קליין קישעלע צו שלאָפען.

מען טוט א קוק, הערשעל לעגט אנידער דאָס קישעלע אויף דער ערד און שטעלט זיך דארויף אנידער מיטביידע פיס און שטעהט אזוי א לאנגע צייט, האָבען איהם די שטוביגע גע־פרעגט, וואָס מיינט ער דערמיט?

— די מעשה איז אזוי, — ענטפערט הערשעל — די קישעלע איז א קליינע. זאָל איך דאָס לעגען צוקאָפּענס, וועט מיר קווע־טשען אין דער זייט; זאָל איך דאָס לעגען אונטער׳ן זייט, האָב איך ניט אויף וואס דעם קאָפּ אנידערצולעגען, האָב איך זיך בע־סער דערויף אנידערגעשטעלט, וועט עס זיין אינגאנצען הינ־טער מיר.

———:———

## ער זאָל זיך טאָן זיינעם.

הערשעל איז אמאָל געוואָרען א מכנים אורח און געבראכט אהיים אן אורח צו וועטשערע. אז זיין ווייב האָט דערזעהן דעם אָרימאן, האָט זי אָנגעהויבען הערשלען שטארק צו זידלען.

— קבצן איינער, — האָט זי גע׳טענה׳ט — הָאסט אליין נישט וואָס צו עסען, געהסטו און ברענגסט נאָך אן אורח מיט דיר.

דער אורח, ווען ער האָט דערהערט דער ווייב׳ס קולות, איז ער ביי זיך שטארק אראָפּגעפאלען אין מוט. רופט זיך צו איהם אָפּ הערשעל:

— זיידע, וואס טוט איהר דאָס אום יום־כפור? — זיינען אַלע אויף איהם אָנגעפאלען.

— גזלנים! — ענטפערט זיי דער אלטער — איהר האָט גאָר ניט גאָט אין הארצען! אייך איז גוט, איהר האָט יונגע צייהן, אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אז איך האָב ניט קיין צייהן? ווארט־צו אַ ווײַלע, ביז איך וועל אראָפּשלינגען וואס איך האָב אין מויל.

דער עולם האָט געמיינט, אז דער ארענדאר איז משוגע און וויים ניט וואס ער רעדט. באלד האָט ער אָבער דער־צעהלט אז הערשעל האָט דאס איהם געלערנט, אז דאָס טוט דער עולם צו כורעים. האָט מען דעם אלטען אויסגעזאָגט דעם אמת און איהם אויפגעקלערט, אז יום־כפור טאָר מען ניט עסען און ניט טרינקען.

דער ארענדאר האָט די האָר זיך געריסען פון בושה און צער, וואָס הערשעל האָט איהם אָנגעמאכט.

———:———

## ער האָט נאָך איינע.

הערשעל איז אמאָל געגאנגען אין זעהר אַ צוריסענע קאָ־פּאָטע, פרעגט מען איהם:

— ר' הערשעל? וואָס געהט איהר אין אַזאַ צוריסענע קאָ־פּאָטע? האָט איהר דען נישט קיין אנדערע?

— איך האָב דוקא נאָך אַ קאפּאָטע.

— טאָ פארוואס טוט איהר זי נישט אָן?

— גאנץ פּשוט, יענע איז ערגער צוריסען פון דער.

———:———

ערוב פאר איהם דעם חוב באצאָהלען, נו, וועל איך אויך אזוי טאָן, אז דער חתן וועט ביז צו דער חתונה נישט קענען אליין אָפּלערנען קיין בלאט גמרא, וועל איך, זיין ערוב, פאר איהם אָפּלערנען דעם בלאט גמרא !...

———:———

## הערשעל לערנט אן ארענדאר וואָס מען טוט צו כורעים.

אַן אלטער עם הארץ, אַן ארענדאַר, האָט אמאָל געפרעגט הערשלען, וואס טוט דער עולם איז שוהל יום כפור ווען מען פאלט כורעים ?

— איך וועל אייך זאָגען, — ענטפערט הערשעל — איהר האָט דאָך געווים געזעהן ווי איטליכער נעהמט מיט זיך אַ אינ־געל און טראָגט אין א גרויסע פאטשיילע עטוואס איינגעווי־קעלט ? דאָס טראָגט יעדער איד מיט זיך בלינצעס, און ווען מען פאלט כורעים עסט מען זיי ליגענדיג אויף.

דער ארענדאר האָט עס גוט אריינגענומען אין קאָפּ און אויף יום כפור האָט ער זיך שוין צוגעגרייט מיט א היבשע ביסעל בלינצעס.

ווען עס איז געקומען צו פאלען כורעים איז דער ארענדאר אויך געפאלען און געשמאק זיך גענומען צו די בלינצעס. ער האָט געשמאק געגעסען און דער ריח פון די בלינצעס איז זיך צוגאנגען איבער'ן שוהל. דער עולם האָט דערשמעקט דעם ריח און זיך גענומען ארומקוקען. האָט מען גלייך באמערקט דעם אלטען ארענדאר ליגענדיג אויף דר'ערד און קייענדיג פולע באקען מיט בלינצעס.

זייט דאָך זייער פאטער, דארום פאַרשטעהט איהר שוין אויפ'ן וואונק פון אייערע קינדער, וואס זיי מיינען מיט זייער בי מי, אָבער ווי קום איך זיי צו פאַרשטעהן?

— זעהט איהר שוין, — רופט זיך אָפּ דער איד, — ביי אייך איז א חידוש געווען וואס איך מאך אָפּ דאס דאוונען מיט בי מי. איהר פאַרשטעהט דאָס ניט, ווייל איהר זייט א פרעמדער, אבער דער רבונו של עולם, מיין פאָטער, פאַרשטעהט מיך שוין גוט און ווייסט שוין וואס איך מיין מיט דעם.

———:———

## דער ערוב וועט באצאָהלען.

הערשעל האָט געוואָלט אמאָל א שידוך אויספיהרען. דער חתן איז אבער געווען גאָר א גראָבער יונג, האָט כלה'ס צד איהם נישט געוואָלט. נאָר ווען הערשעל האָט זיי ערוב געווען, אַז ביז צו דער חתונה וועט דער חתן קענען א בלאט גמרא אָפּ־לערנען, איז דער שידוך געשלאָסען געוואָרען.

עס איז שוין אָבער גאָר נישט ווייט געווען צו דער חתונה און דער חתן האָט פאָרט נישט געקענט, זיינען אָנגעפאלען כלה'ס צד אויף אונזער הערשלען און שרייען:

— געוואלד! וואָס האָט איהר אונז גענאַרט?

— וואָס הייסט איך האָב אייך גענארט? — זאָגט הער־שעל — איך האָב אייך ערוב געווען, אז דער חתן וועט קענען אַ בלאָט גמרא אָפּלערנען, און ווי דער שטייגער פון יעדען ערוב איז, אז ווען דער בעל־חוב האָט נישט צו באצאָהלען, מוז דער

דער איד בטלט איהם אוים אלע חלומות און געהט זיך אוועק. אונזער הערשעל רופט איהם אָבער נאָך אמאָל:

— ר׳ קרוב! ר׳ קרוב!

ווי יענער געהט ווידער צו איהם צו, זאָגט צו איהם הערשעל נאָך אמאָל:

— בי, מי, בי, מי!

— רעדט ווערטער, איך זאָל אייך פארשטעהען! — שרייט צו איהם דער איד.

— וואָס-זשע, — פרעגט הערשעל — איהר פארשטעהט מיך דען ניט?

— אודאי פארשטעה איך ניט אייער בי, מי, בי, מי!

— אויב אזוי, — זאָגט הערשעל, — אז איהר פאַרשטעהט ניט מיין מורקען, פאר וואָס-זשע ווילט איהר, אז גאָט זאל אייך יאָ פארשטעהן, ווען איהר מורקעט אָפּ דאָס גאנצע דאוונען מיט בי מי, אָהן ווערטער?

דער איד, וועלכער איז אבער אויך קיין נאַר ניט געווען, ענטפערט ער איהם באלד אויפ׳ן אָרט:

— קומט צו מיר אהיים, וועל איך אייך עפּעס ווייזען.

אַז זיי זיינען געקומען צום אידען אהיים, זיינען עטליכע קליינע קינדערלעך אנטקעגען געלאָפען דעם אידען, זייער טאַטען, מיט א לשון:

— בי מי, בי מי!

— איהר פאַרשטעהט וואס זיי ווילען פון מיר? — פרעגט דער איד הערשלען.

— ניין, — ענטפערט הערשעל, — איך הויב נישט אָן צו פארשטעהן וואס זיי ווילען פון אייך!

— און איך פארשטעה זיי יא, — זאָגט דער איד, און האָט דאָס איהם גלייך באוויזען אויפ׳ן אָרט.

— נו, וואָס איז דער וואונדער? — זאָגט הערשעל — איהר

## הערשעל האָט שוין אַ האַלבען פּסח.

הערשעל איז געווען אַ גרויסער אָרימאַן, אַז עס איז געקו־מען ערב פּסח האָבען אלע געוואוסט, אַז ער האָט ניט אפילו על מזון סעודה אחת. דאָך אַז ס׳איז געקומען צו רייד מיט די חסידים, האָט ער זיך באַריהמט, אַז ער האָט שוין אַ האלבען פּסח פאַרטיג אין שטוב.

— דו ביזט אַ ליגנער — האָבען איהם די חסידים געזאָגט — מיר ווייסען דאָך, הערשעל, אַז דו ביזט אַ גרויסער שלעפּער און האָסט גאָר ניט.

— ס׳איז אן אמת, — האָט זיי הערשעל געענטפערט, — אַז איך האָב אַ האלבען פּסח, וואָרים פון וואס באַשטעהט דער פּסח, פון אויסראַמען דעם חמץ און אַריינגעמען מצה. נו, האָב איך שוין דעם חמץ לאַנג אויסגעראַמט און מצה וועט גאָט באַ־שערען.

———:———

## אַ פּאָטער פאַרשטעהט די קינדער אויפ׳ן וואונק.

הערשעל איז אַמאָל געווען אין אַ קליין שטעטעל, איז ער געגאַנגען אין קלויז דאַווגען, זעהט ער ווי איינער געהט אום איבער׳ן קלויז און דאַוועגט, אָבער קיין ווערטער הערט מען ניט, נאָר ער מאַכט בי, מי, בי, מי.

נאָך דעם דאַווגען, ווען דער מענש איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם קלויז, געהט איהם הערשעל נאָך און רופט איהם:

— ר׳ קרוב! ר׳ קרוב!

דער איד געהט צו איהם צו און פרעגט איהם וואס ער וויל?

— בי, מי, בי, מי! — ענטפערט איהם הערשעל.

# הערשעל ביי א קארגען גביר.

הערשלען איז אמאָל אויסגעקומען צו עסען שבת ביי א קאַר־גען גביר, וועלכער האָט געמוזט נעהמען אן אורח צו זיך פּשוט פאר בושה, ווייל דער גבאי פון שול איז אליין צוגעשטאַנען צו איהם. מען דערלאנגט פיש, נעהמט דער גביר דאָס קלענסטע פישעל און גיט עס הערשלען אויף א טעלער און אליין מיט זיין פאַמיליע עסט ער די בעסטע פיש. הערשעל לעגט צו דעם אויער צום פיש.

— אנטקעגען וואס טוט איהר עס? — פרעגט איהם דער גביר.

— איך הער זיך צו, וואָס דאָס פישעל זאָגט מיר — ענט־פערט הערשעל.

— וואָס זשע זאָגט עס אייך?

— עס דערצעהלט מיר, — ענטפערט הערשעל, — אז עס איז שוין זעהר לאנג פון טייך.

דער גביר שמייכעלט צו און גיט שוין הערשלען א גרעסער שטיקעל פיש.

מען דערלאנגט די יויך. דער גביר נעהמט זיך אראָפּ אין א טעלער די אויבערשטע יויך און זאָגט דערביי א פּסוק: אדם קרוב לעצמו; נאָכדעם נעהמט ער אראָפּ פון דער שיסעל פאר דער ווייב און זאָגט ווידער א פּסוק: אהבתי את אשתי; נאָכ־דעם גיסט ער אָפּ יויך פאר די קינדער, און זאָגט ווידער א פּסוק: אהבתי את בני; אז אין שיסעל האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָר אַביסעל אונטערשטע וואסער, גיט ער עס אוועק הערשלען און הייסט איהם אויך זאָגען א פּסוק. הערשעל שטעלט זיך אויף, נעהמט די שיסעל מיטביידע הענט און זאָגענדיג אין דער הויך דעם פּסוק: וזרקתי עליכם מים טהורים, גיסט ער זיי אלע אָפּ און אנטלויפט.

— איך האָב זיך אליין א בים געטאָן אין דער נאָז. — ענט־פערט ער.

— סטייטש! ווי אזוי האָסטו געקענט דערלאנגען?

— איך האָב מיך ארויפגעשטעלט אויף א בענקעל.

———:———

## הערשעל פאר דעם טויט.

קיין מענש לעבט ניט אייביג. שטארבען מוז יעדער, אויף איטליכען קומט זיין צייט, און אויף אונזער הערשלען איז גע־קומען די צייט צו שטארבען.

ער ליגט אין בעט, וידוי האָט ער שוין לאנג אָפּגעזאָגט, יעצטווארט ער נאָר אויף דעם מלאך־המות, ער זאָל ארויס־נעהמען דעם חלף פון דער שייד און זאָל איהם קוילען. נעבען הערשלען זיצט דאָס ווייב און וויינט. צי וויינט זי דערפאר וואס ער שטאַרבט אצונד, אָדער ווייל ער איז שוין לאנג ניט גע־שטאָרבען, קען קיינער ניט וויסען.

פלוצים רופט זיך אָפּ הערשעל צו זיין ווייב:

— מיין ליעב! טו מיר מַיין בקשה אין דער לעצטער מינוט פון מיין לעבען, וואש זיך ארום און פוץ זיך אוים אין דיינע יום־טוב'דיגע קליידער.

די בקשה פון א גוסס איז הייליג ביי יעדען מענשען און הערשעלס ווייב האָט ניט איבערגערעדט דאָס אנדערע וואָרט און האָט תיכף ערפילט דעם מאנס בקשה.

ווי הערשעל האָט זי דערזעהן שעהן אויסגעפוצט, נעהמט ער זי אָן ביי דער האנט און רופט זיך ווי צו אימיצען אָפּ: „נו, זאָג מלאך המות! איז דען מיין ווייב ניט שעהנער פון מיר? צו וואס זשע דארפסטו מיך? נעהם בעסער איהר צו!...

———:———

## הערשעל ביי אַ גוסס.

מען האָט הערשלען אמאָל גערופען צו א קאַרגען גביר, וועל־כער האָט שוין געהאלטען ביי דער גסיסה און הערשעל איז גע־קומען וידוי זאָגען מיט איהם. זעהט ער ווי דער חולה קרעכצט זעהר ביטער און לאָזט אלע מאָל ארוים שווערע זיפצען.

— וואָס קרעכצט איהר אזוי? — פרעגט איהם הערשעל — שטארבען מוז דאָך יעדער מענש און אייביג לעבט ניט קיינער.

— אָך, מיין ליעבער איד! — ענטפערט דער חולה — איך קרעכץ ניט דערויף וואס איך דארף שטארבען, נאָר מיר איז א גרויסער וועהטאָג וואס איך געה אין דער ערד אריין, אז מיין גאָלד און זילבער בלייבט דאָ איבער.

— גלויבט זשע מיר, — זאָגט הערשעל, — אז פאר אייער גאָלד און זילבער איז א סך גלייכער וואס עס בלייבט דאָ אי־בער, ווארום דאָרט וואוהין איהר געהט באלד אוועק, איז אזוי שטארק היים, אז דאָס געלט וואָלט באלד צושמאָלצען גע־וואָרען...

———:———

## הערשעל דערלאנגט דעם נאָז.

הערשעל קומט אמאָל אריין אין קלויז מיט א צודראפּעטען נאָז. ער האָט זיך אין דער היים געקריגט מיט דער ווייב, האָט זי איהם מסתמא די נאָז צודראפּעט.

— ווי קומט, הערשעל, — פרעגט מען איהם — וואָס דיין נאָז איז צודראפּעט?

# הערשעל ווערט אַ שדכן.

אַז הערשלען איז ניט געראָטען די דאָקטאָריי איז ער א שדכן געוואָרען.

אמאָל קומט ער אריין צו אן אויפגעקומענעם גביר, וועלכער איז פריהער געווען א בעל עגלה און לעגט איהר פּאָר א שדוך פאר זיין טאָכטער. דער גביר נאָטירליך האָט געוואָלט טאָן א גרויסען שדוך, ווי דער שטייגער איז פון די אויפגעקומענע גבירים, אָבער הערשעל האָט איהם גאָר פאָרגעלעגט א שדוך מיט א שוסטערס א זוהן.

— דו פארך! — צובייזערט זיך אויף איהם דער גביר — ווי אזוי שטעלסטו זיך אונטער מיר פאָרצולעגען אזא שדוך? ארויס פון מיין שטוב!

הערשעל איז מיט רוגזה אוועקגעגאנגען פון איהם.

אין עטליכע וואָכען שפּעטער קומט ער ווידער צו איהם.

— שוין? ביזט ווידער געקומען — פרעגט איהם דער גביר מיט כעס — איך האָב דאָך דיר שוין איינמאָל ארויסגעטריבען פון דאנען!

— איך האָב אצונד א גרויסאַרטיגען שדוך פאר אייך — ענטפערט הערשעל.

— מיט וועמען איז עס? — פרעגט נייגעריג דער גביר.

— מיט דעם האצעלער רב'ם א זוהן.

— אָט דאָס איז א פיינער שדוך! האָט איהר שוין דאָרט גערעדט?

— אודאי האָב איך גערעדט.

— וואָס זשע האָט מען אייך געענטפערט?

— דאָס אייגענע וואס איהר האָט מיר געענטפערט, ווען איך בין צו אייך געקומען דאָס ערשטע מאָל.

דער גביר איז פארשעהמט געוואָרען.

דער איספּראַווניק האָט מיט גרויס מיה קוים אָפּגעזוכט 96 מענער מיט ליסע קעפּ און האָט זיי אויסגעשטעלט אין דרויסען נעבען דער קירכע.

פּונקט זייגער 12, ווען עס האָט זיך געענדיגט דאָס געבעט אין דער קירכע, איז דער פּריץ פון דאָרט ארויסגעגאנגען. דער טאָג איז געווען א שעהנער, די זון האָט געשיינט. פּלוצים האָבען אלע 96 מענער אויף איין מאָל אראָפּגעכאפּט די היטלען פון די קעפּ און די זון האָט באלויכטען זייערע נאקעטע קעפּ.

— וואָס זאל דאָס באדייטען? — האָט דער פּריץ געפרעגט דעם איספּראַווניק.

— אייער דורכלויכט! — האָט זיך פאַרענטפערט דער איספּראַווניק — האָט דאָך דאָס באפוילען דורך הערשלען און איך האָב ריכטיג ערפילט אייער באפעהל.

דער פּריץ האָט זיך צולאכט אויף הערשעלס שטוקע.

אין דעם האָט זיך הערשעל באוויזען פאר דעם פּריץ.

— זייט מיר מוחל, פּאַן! — האָט ער געזאָגט, — וואָס אין דער גאנצער שטאָט האָבען זיך נאָך געפונען 96 ליסע קעפּ, דען פון די איבעריגע קעפּ האָט נאָך ניט אוספּייעט די האָר אויסצוקריכען.

דער פּריץ האָט ווייטער געלאכט און הערשעל האָט באנוצט די אויפגעלעגטע צייט אויסצובעטען ביי דעם פּריץ ער זאל צוריק אָפּגעבען דעם ארענדאר זיין אָרענדע.

———:———

— איהר ווייסט ניט קיינער אויף ריכטיג. — האָט הערשעל זיך אריינגעמישט.

— און דו ווייסט, הערשעל? — האָט איינער פון זיי איהם אַ פרעג געטאָן אויף חוזק.

— יא, איך וויים באשטימט!

— נו, אדרבה, זאָג וואָס פאר א לשון איז דאָ ביי די רויטע אידלעך?

— אזא לשון ווי ביי אלע. א רויטע. — האָט הערשעל גע־ענטפערט.

אלע האָבען זיך צולאכט פון דעם ענטפער.

(ווען דער לעזער וועט זיך דערמאנען, אז לשון איז אויך די טייטש א צונג, וועט ער פארשטעהען דעם וויץ).

———:———

## הערשעל מאַכט פרעהליך אַ פריץ.

דער פריץ, ביי וועמען הערשעל איז געווען חשוב, האָט זיך אמאָל צובייזערט אויף זיין ארענדאר און האָט איהם געהייסען אָפּלאָזען די ארענדע. דער ארענדאר האָט געבעטען הערשלען, ער זאָל איהם דאָ זעהן א טובה טאָן ביים פריץ, איז הערשעל זונטאג אין דער פריה אוועקגעגאנגען צום איספראווניק און האָט איהם געזאָגט, אז דער פריץ האָט געהייסען ער זאָל ביז אזייגער 12 צונויפזאמלען אלע מענשען פון דער שטאָט, וואָס האָבען ליסע קעפּ און זאָל אויסשטעלען זיי אין צוויי שורות נעבען דער קירכע.

— צו וואָס דארף עס דאָס?

— ווער קאן וויסען וואס א פריץ פארגלוסט זיך! — האָט הערשעל געענטפערט.

— אז איהר ווילט נאָך זיין אזוי גוט, — זאָגט הערשעל וויטער, — גיט זשע מיר שוין א פּאַפּיראָס אויך.

דער גביר גיט איהם מיט כעס א וואָרף א פּאַפּיראָס גלייך אין שטערן.

— פאר דעם באליידיגונג, — זאָגט הערשעל — וואס איהר האָט מיר געוואָרפען דעם פּאַפּיראָס אין שטערן אריין, קאן איך אייך ניט מוחל זיין, אָדער בעט מיך איבער מיט א קערבעל, אָדער קומט מיט מיר צום רב.

— צי ביזטו משוגע ? — שרייט דער גביר — וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר ?

— צום רב זאָלט איהר געהן מיט מיר ! — שרייט הערשעל אויפ'ן קול, און אויף דעם געשריי זיינען זיך מענשען צונויפ־געלאָפען פון דער גאס — איהר האָט מיך מביש געשטעלט ! איך קען דאס אייך ניט מוחל זיין, ניין, ניין, מיין שטערן וויל דאָס אויך ניט מוחל זיין !

דער גביר האָט זיך געשעמט פאר די פרעמדע מענשען, האָט ער געמוזט אַרויסנעהמען א רובעל און געבען הערשלען.

———:———

## וואס פאר א לשון איז דאָ ביי די רויטע אידלעך.

אַמאָל אין א ווינטערנאכט, ווען הערשעל איז געזעסען מיט א סך בטלנים אין קלויז ביי דער הרובע, האָט זיך דער עולם שטאַרק מפלפל געווען וועגען דער פּאָליטיק פון דעם טערק מיט דער ענגלישער מלוכה, ביז מען איז געקומען צו די רויטע אידלעך וואָס זיצען פון יענער זייט סמבטיון. האָט מען זיך גענומען מתוכח זיין וועגען זייער לשון, א טייל האָבען געזאָגט : לשון־קודש, אנדערע, תרגום לשון.

דעם אידען איז געפעלען די עצה. ער האָט זיך אויסגעטאָן נאַקעט און איז אריינגעשפרונגען אין טייך. הערשעל האָט אבער ניט געוואָלט ווארטען לאנג, ער האָט געכאפּט דאָס פּעקעל קליי־דער און האָט עס אריינגעטראָגען אין א נאָהענטען שיינק און האָט עס דאָרט פארזעצט פאר א גוטען ביסען. דער איד אבער, ווי ער האָט נאָר דערפיהלט די קאלטע וואסער אויף דעם נאקע־טען לייב, האָט שוין חרטה געהאט אויף דער גאנצער מעשה. ער איז געשווינד ארויסגעשפרונגען פון דעם טייך און ניט גע־פינענדיג מעהר זיינע קליידער, האָט ער געמאכט א געוואלד. מען איז זיך באלד צונויפגעלאָפען אויף זיין געשריי. ער האָט איטלי־כען דערצעהלט זיין געשיכטע. דער עולם האָט איהם באלד אריינ־גענומען אין דעם נאָהענטען שענק, וואו ער האָט נאָך אליין גע־מוזט אויסלייזען זיינע אייגענע מלבושים.

——:——

# הערשעל גערוינט.

הערשעל האָט זיך פארוועט מיט חברה, אז איהם וועט גע־ראָטען אויסצורייסען ביים קארגען גביר פון זיין שטאט א גאנ־צען קערבעל א נדבה. ער איז אריינגעגאנגען צום גביר אין שטוב און בעט ביי איהם א נדבה. דער גביר נעהמט אָרויס א גראָשען און גיט איהם.

— גיט זשע מיר שוין אייער בייטעלע אויך, אז איך זאָל האָבען וואו צו באהאלטען דעם גראָשען.

דער גביר זאָגט איהם מסתמא אָפּ.

— נו, גיט מיר כאָטש א שוועבעלע צו פאררויכערען א פּאַפּיראָס. — בעט איהם הערשעל.

דער גביר גיט איהם א שוועבעלע.

— נישט קשה, — ענטפערט הערשעל, — איך וועל זיך אַן עצה געבען: אשטייגער, אז איך וועל קומען צום טערק, איז ביז איך וועל מיך אויסלערנען זיין לשון, וועל איך זיך פאר־שטעלען פאר א שטומען.



# איבער אַ קדיש.

הערשעל געהט אמאָל אין א ווינטער־אָוועגט צום טייך, זעהט ער ווי איינער וויל זיך דערטרינקען. ער לויפט צו צו איהם און כאפּט איהם ביי דער האנט.

— שטעהט, ר' איד, וואָס ווילט איהר טאָהן? — פרעגט איהם הערשעל.

— איך וויל זיך אין טייך אריינוואַרפען.

— אין טייך גאָר? פארוואס?

— מיינע צרות זיינען זעהר גרויס: נישט גענוג וואס איך האָב א שלאק א ווייב, בין איך נאָך אָהן קינדער אויך געבליבען, און צו שטארבען אָהן א קדיש איז שוין גלייכער, אז איך זאָל זיך אין טייך אריינווארפען.

— איהר זענט נעבעך אודאי גערעכט — זאָגט הערשעל מיט א זיפץ — מען קאן גאָר אנדערש ניט זאָגען. נאָר ווען איהר זאָלט מיך וועלען פאָלגען, וואָלט איך אייך געראטען, אז איידער איהר ווארפט זיך אין טייך אריין, זאָלט איהר זיך פריהער אויס־טאָן די מלבושים און ווען איך וועל נאָר דערזעהן דעם ערשטען פּוזיר אויף דעם וואסער, וועלכעס וועט זיין א סימן, אז איהר זייט שוין טויט, וועל איך זיך צונעהמען די קליידער פאר א זכרון און וועל נאָך אייך קדיש זאָגען.

## געענטפערט אויפ׳ן שטעל.

הערשעל איז געגאַנגען פארביי אַ קירזשנער, וועלכער איז געזעסען אָהן דעם היטעל אין קלייט. דער קירזשנער רופט איהם אריין און זאָגט:

— נו, הערשעל, זאָג א גלייך וואָרט ניט געטראכט, קריגסטו שוין אויף א טרונק בראָנפען פון מיר.

— אז איך בין געוועזן א קינד, — ענטפערט הערשעל, — האָב איך קיינמאָל ניט פארשטאַנען ווי עס איז מעגליך מען זאָל שטעהן ביי א וואסער און מען זאָל זיך ניט אָנטרינקען. היינט אָבער זעה איך אז עס איז גאָר קיין וואונדער ניט: אָט זיצט איהר אין א פולע קלייט מיט היטלען און אליין געהט איהר אָהן א היטעל.

—:—

## הערשעל דרעהט זיך אוים.

הערשעל קומט אריין אמאָל אין בית המדרש אין וועג־קליידער מיט א טאָרבע אויף די פלייצעס און מיט א גרויסען שטעקען אין דער האנט.

— וואָס באדייט עס, ר׳ הערשעל? וואוהין פאָהרט איהר עס? פרעגט מען איהם.

— איך פאָהר קיין אויסלאנד. — ענטפערט ער קורץ.

— אין אויסלאנד גאָר? איהר קענט דען די אויסלענדישע לשונות?

# הערשעל אין מאַרק.

עס איז ווינטער, דער פראָסט ברענט און א שניי שיט, ווי קליינע פעדערען, פון דעם גרויען הימעל. די קרעמערלעך לויפען אום אינדרויסען פאר זייערע קלייטלעך און קלאפען א פוס אין א פוס און די ווייבער די קרעמערקעס און פיינע בריה'ס זיצען ביי די טיהרען פון זייערע קראמען איבער די פייערטעפּ און עס רינט זיי פון די נעזער. אין גאס איז פוסט, ניטאָ קיין קונים. הערשעל לויפענדיג אין בית המדרש אריין, איז דורכגעלאָפען פארביי די קרעמערקעס. א נייע קרעמערקע וועלכע האָט איהם ניט געקאָנט, מיינט אז ער איז א קונה און שטעלט איהם אָפּ:

— זייט זשע מוחל, פעטער, וואס קויפט איהר עפּעס?

הערשעל שטעלט זיך אָפּ, באטראכט די קרעמערקע, ווי עס רינט איהר פון דער נאָז און פרעגט איהר:

— וואָס האָט איהר צו פארקויפען?

— איך האָב אלצדינג, וואס נאָר איהר ווילט!

— נאָזטיכלאך האָט איהר אויך?

— אודאי! — ענטפערט די קרעמערקע מיט גרויסקייט.

— נעהמט זשע, זייט מוחל, א נאָזטיכעל און ווישט אייך אָפּ דעם נאָז.

———:———

— איהר זאָלט וויסען, איך וויל איהר זאָלט צו מיר דער־נאָך קיין פּרעטענזיעס ניט האבען, און איך וועל אייך אלץ ווע־גען מיר, דעם גאנצען אמת, אויסזאָגען פריהער.

— לאָמיר נאָר הערען, — זאָגט דער שדכן — אפשר איז עס גאָר ניט אזוי שרעקליך.

— איהר זאָלט וויסען, — זאָגט הערשעל — אז איך האָב א ברודער א מופקר.

— דאָס מאכט ניט אויס, — ענטפערט דער שדכן קאלט־בלוטיג — מיין שוועגערין איז אויך א מופקרת.

— איך האָב אויך צוויי אָנקעלס, זיינען זיי ביידע גרויסע הולטאיעס. — דערצעהלט אלץ הערשעל.

— מעהר קיין אומגליק זאל ניט זיין. — זאָגט דער שדכן.

— איהר זאָלט וויסען, אז אין מיין משפחה זיינען פאראן ביז צעהן אזוינע הולטאיעס.

— טאָ וואס איז? — זאָגט דער שדכן — מען נעמט ארויס די קוה און מען פארברענט דעם שטאל.

— איך האָב אבער א ווייב אויך! — זאָגט הערשעל מיט דעם זעלבען טאָן.

— נו, דאָס טויג שוין ניט — ענטפערט דער שדכן — א ווייב איז ערגער פון צעהן הולטאיעס.



## הערשעל דערצעהלט די וואונדער פון אויסלאנד

ווען הערשעל איז א צייט ניט געווען אין אַסטראָפּאָליע און נאָכדעם האָט ער זיך ווידער באוויזען, האָט מען איהם גע־פרעגט, וואו איז ער דאס אזוי לאנג געוועזן?

— איך בין געוועזן העט ווייט אין אויסלאנד, אַזש אין לאָנ־דאָן. — ענטפערט הערשעל.

— אזוי? אין לאָנדאָן ביזטו געוועזן? — פרעגט איהם אי־בער חייקעל חקרן — זאָגט זשע מיר, איך בעט דיך, איז עס אמת וואָס מען דערצעהלט, אז אין לאָנדאָן איז שטענדיג טומאנען?

— אָט הער אויס וואס מיט מיר האָט זיך געטראָפען! — ענטפערט הערשעל — שבת בייטאָג געה איך מיר שפּאצירען אין די לאָנדאָנער גאסען און מיר איז שטארק פינסטער אין די אויגען פון די טומאנען, אז איך מוז טאפּען דעם וועג. דערווייל דארף איך זיך אָפּווישען די נאָז, נאָר פון גרויס פינסטערניש האָב איך נישט געקאָנט טרעפען צו מיין אייגענער נאָז און האָב א פרעמדען מענשען אָפּגעווישט דעם שטערן.

———:———

## אַ ווייב איז ערגער פון צעהן הולטאיעס.

הערשעל איז אמאָל געקומען אין א שטאָט און געזאָגט א דרשה אין שוהל. ער האָט אין דער דרשה געוויזען א סך לומדות און איז דערהויבען געוואָרען אין אלעמענס אויגען. הערשעל האָט דאמאָלט אויך אויסגעזעהן זעהר יונג, האָט דער שדכן פון שטאָט געמיינט, אז ער איז נאָך א בחור און איהם גערעדט א שדוך.

הערשעל האָט געלאסען אויסגעהערט דעם שדכן און צו איהם געזאָגט:

— בארעכנען זיך נאָר, — ענטפערט הערשעל דער פאַר־שטעלטער רב, — דו ביזט שוין, דאכט זיך, דורייסיג יאהר א בעל־עגלה און דו ביזט נאָך אלץ א פריץ! אז דו פיהרסט א שטייגער א גאנצען וואגען מיט סמאָלע, דארפסט דו דען ניט שמירען די רעדער?

---

## ב.

אַ אידענע קומט נאָכדעם אריין צו איהם מיט א הילצערנעם לעפעל אין דער האנט.

— רבי, — זאָגט זי, — אַט דער לעפעל איז א מילכיגער און איך האָב שיער ניט אויסגעמישט מיט איהם א פליישיגען באָרשט. איז שוין טריפה דער לעפעל צי ניין?

— אָבער האָסט נאָך ניט אויסגעמישט?

— ניין, איך האָב נאָר געוואָלט דאָס טאָן און האָב זיך פאַר־כאפט.

-- דאָס ערשטע מאָל בין איך דיר מוחל — ענטפערט הער־שעל — נאָר אז עס וועט זיך מיט דיר טרעפען נאָך אמאָל אזא מעשה, וועל איך שוין טריפה מאכען דעם לעפעל מיט דעם עסען.

— ניין, ניין, רבי'ניו! — שרייט דאָס ווייבעל, — איך וועל עס שוין מעהר ניט טאָן.

---

## ג.

אַ פארפלאמטער חסיד לויפט אריין אין שטוב און שרייט:

— רבי, גענצעל דער חקרן לאכט פון אונזער רבין!

— טרייב איהם ארויס! — ענטפערט הערשעל.

— ער שטעהט דאָך אָבער אין דרויסען?

— נו, נעהם איהם אריין אין שטוב און טרייב איהם ארויס.

— שטעה, — זאָגט ער, — איך האָב דאָך דיר באצאָהלט פאר דער גאנצער קאפּאָטע, איז זי דאָך שוין מיינע, נעהם זי פון דיר אראָפּ און גיב עס מיר.

— קום מיט מיר אהיים, — זאָגט יענער, — וועל איך זי דיר געבען.

— געה! — שרייט הערשעל, — איך וויל דיר ניט לאָזען געהן מעהר אין מיין קאפּאָטע, שוין טו זי אוים און גיב מיר זי אָפּ!

דער איד פּרואווט זיך בעטען ביי איהם: סטייטש, ווי אזוי געהט מען עס אין גאַס אָהן א קאפּאָטע? דערצו טראָגט ער נאָך תחתונים אָהן הויזען.

נאָר הערשעל וויל ניט נאָכגעבען. דער איד האָט זיך געמוזט אָפּזאָגען פון די דריי רובעל, און דאס האָט טאקע הערשעל גע־מיינט.

———:———

## הערשעל פּסקנ׳ט שאלות.

### א.

הערשעל קומט אמאָל אריין צום רב אין שטוב, טרעפט ער איהם שלאָפען אין דעם צווייטען חדר און אין דעם ערשטען חדר איז אויף דער קאנאפּע געלעגען דעם רב׳ס כאלאט מיט דער יאר־מילקע. הערשעל טראכט ניט לאנג און טוט זיך אָן אין דעם רב׳ס קליידער, זעצט זיך ביים טיש און פארטיעפט זיך אין א ספר...

עס עפענט זיך די טיהר, און עס קומט אריין א בעל־עגלה מיט דער בייטש אין דער האנט און ווענדעט זיך צו איהם:

— רבי! אז איך האָב שבת אָפּגעזאָגט גאנץ תהלים, האָב איך נאָך געדארפט זאָגען ברכי נפשי אויך?

דעם קוימען א געבילעריי פון הינט און נאָכדעם א מיוקעריי פון קעץ. אויפ'ן סוף איז הערשעל ארויסגעקראָכען פון דעם קוימען שוואַרץ ווי א רוח און האָט איבערגעבעטען דעם רבי'ן און געזאָגט צו איהם:

— זייט מיר מוחל, רבי, וואס איך האָב אייך אָביסעל דאָקוטשעט. וואָס זשע דען האָב איך געזאָלט טאָן: אז צו אייך אין שטוב האָב איך ניט געטאָרט אריינקומען, האָב איך מיר געפּונען אַן אָרט דורך דעם קוימען.

— וואו זשע ביזטו געווען די גאנצע צייט, ווען איך האָב געשלאָגען מיט דעם שטעקען אין קוימען?

— שומר פתאים ד', שטעהט אין תהלים — האָט הערשעל געענטפערט — איך בין די גאנצע צייט געשלאָפען אין קוימען.

און דאָ האָט הערשעל גענומען גענעצען און אויסציהען זיך, פּונקט ווי ער איז ערשט פון דעם שלאָף אויפגעשטאַנען. דאָס איז אויסגעקומען אזוי קאָמיש, אז דער רבי האָט זיך געמוזט צולאכען. ער האָט אריינגערופען די רבי'צין און ווייזענדיג איהר אויף הערשלען האָבען זיי ביידע לאנג געלאַכט.

——:——

# די קאפּאָטע.

הערשעל האָט אמאָל אומגערען פארפלעקט א אידען זיין נייע קאפּאָטע. האָט יענער איהם געשלעפּט צום רב. דער רב האָט גע'פסק'נט, אז הערשעל זאָל דעם אידען באצאָהלען דריי רובעל פאר דער קאפּאָטע. הערשעל האָט גראדע ביי זיך געהאט געלט, נעהמט ער ארויס דריי רובעל און באצאָהלט. דער איד איז געווען זעהר צופרידען און וויל שוין אוועקגעהן, נאָר הערשעל לאָזט איהם ניט געהן.

אראָפּגעלאָזט אין קוימען, און פון דאָרט אין הרובע, וועלכע איז אריינגעגאנגען גלייך צום רבי'ן אין שטיבעל.

אויסשמירענדיג זיך דאָס פּנים מיט סאזשע האָט הערשעל געזעהן, ווי דער רבי זיצט ביים טיש געגען דעם שפּיגעל, אָנגעשפּארט מיטביידע הענט דעם קאָפּ, און דאס איז אויסגעקומען פונקט געגען דער הרובע. הערשעל האָט ארויסגעשטעלט זיין שווארצען פּנים, און דער רבי האָט פּלוצים דערזעהן אין שפּיגעל א פארשמירטע און פאר'חושכ'טע צורה. ער האָט א קוק געטאָן צו דער טיהר, צו זעהן ווער איז עס אריינגעקומען צו איהם, נאָר הערשעל האָט זיך דערווייל באהאלטען אין דער הרובע. דער רבי האָט זיך ווידער פארטיפט אין זיינע געדאנקען. אין עטליכע מינוט שפּעטער האָט זיך ווידער באוויזען אין שפּיגעל דאָס פארשמירטע פּנים. דער רבי האָט זיך ווידער אומגעקעהרט און הערשעל איז ווידער פארשוואונדען. דער רבי האָט אריינגערופען דעם גבאי און האָט איהם געהייסען אויסזוכען אין אלע ווינקעלעך. דער גבאי האָט געזוכט, נאָר ער האָט קיינעם ניט געפונען. דער גבאי איז ארויסגעגאנגען און דער רבי האָט זיך ווידער פארטיפט אין זיינע פארזאָרגטע געדאנקען.

פּלוצים דערזעהט ער ווי פון דעם קוימען פון דער הרובע קומט ארויס א שווארצע צורה פון א מענשען. מיינענדיג אז דאָס איז עפּעס א גנב, האָט דער רבי געכאפּט זיין שווערען שטעקען און צולויפענדיג מיט איהם צו דער הרובע, האָט ער א געשריי געטאָן:

— ארויס פון דאנען, אז ניט צושפּאלט איך דיר דאָרט דעם קאָפּ!

קיין אנטוואָרט איז ניט געקומען.

דאן האָט דער רבי אָנגעהויבען מיט כעס צו שלאָגען מיט דעם שטעקען אין קוימען און באלד דערויף האָט זיך געהערט פון

## אַ פּאַטש פאַר אַ פּאַטש.

איינער פון דעם רבינס גבאים האָט געהאַט זעהר אַ בייזע ווייב, וועלכע פלעגט אָפטמאָל אונטערפּאַטשען דעם מאַן. איינ־מאָל זאָגט דער דאָזיגער גבאי אין אַ ווערטעל צו הערשלען:

— איך האָב געהערט, אז נעכטען ביינאַכט האָט אויף דיר געגאָסען אַ רעגען פון דער פּאַמוניצע, וואָס דיין ווייב האָט אויס־געגאָסען אויף דיין קאָפּ.

— דאָס איז אמת! — ענטפערט הערשעל — נאָר פריהער אָבער האָט זיך געהערט אַ דונער, וואָס דיין ווייב האָט געמאַכט, ווען זי האָט אויסגעפּאַטשט דיינע באַקען און פון דעם דונער האָט זיך נאָכדעם גענומען דער רעגען.

אַלע האָבען זיך צולאַכט, און דער אונגליקליכער גבאי איז פאַר בושה אַנטלאָפען געוואָרען.

———:———

## הערשעל קומט דורכ׳ן קוימען.

דער רבי ר׳ ברוכ׳ל איז איינמאָל אריינגעפאַלען אין אַזאַ גרויסער מרה שחורה, אַז ער האָט זיך פאַרמאַכט אין זיין צי־מער און האָט קיינעם ניט געהייסען אריינקומען צו זיך, אפילו קיין עסען האָט ער זיך ניט געהייסען אריינטראָגען.

די רבי׳צין האָט געבעטען הערשלען, ער זאָל זעהן מיט עפּעס צו פאַרטרייבען פונ׳ם רבי׳ן די מרה שחורה. נאָר וואָס קען מען דאָ טאָן, אז דער רבי האָט פאַרזאָגט קיינער זאָל ניט וואַגען צו איהם אריינקומען?

הערשעל האָט אָבער געפונען אַן עצה. אַזוי ווי צום רבי׳ן אין שטיבעל האָט ער ניט געטאָרט אריינקומען, האָט ער זיך

דער רבי האָט זיך צולאכט און האָט דערצעהלט הערשעלס בקשה צו אלע זיינע חסידים.

פון דאמאָלט אָן איז דער גבאי שלום געוואָרען מיט הערש־לען.

——:——

## ער טרעט ניט אויף די ערד פון הויף.

דער רבי ר׳ ברוכ׳ל האָט זיך אמאָל שטארק צובייזערט אויף הערשלען און האָט איהם פארזאָגט מיט א הארבען וואָרט, ער זאָל מעהר ניט באטרעטען די ערד פון זיין הויף.

עס זיינען אוועק עטליכע טעג און הערשלען האָט מען מעהר ניט געזעהן און דעם רבי׳נס הויף. אָבער שפּעטער מיט א וואָך שטעהט דער רבי ביים פענסטער און קוקט ארויס אין הויף, ערשט ער זעהט הערשעל געהט דאָרט ארום. איז ער ארויסגעלאָ־פען און איהם געפרעגט:

— סטייטש, איך האָב דאָך דיר אָנגעזאָגט, אז דו זאָלסט מעהר ניט באטרעטען די ערד פון מיין הויף?

— שאט, רבי, — ענטפערט הערשעל — בייזערט אייך ניט, איך האָב מיר געקויפט אביסעל ארץ־ישראל־ערד ביי א ירושלמי און האָב עס ארייגעשאָטען אין מיינע שיך, טרעט איך אצינד ניט אויף די ערד פון אייער הויף, נאָר אויף די ארץ ישראל ערד. טאָמער ווילט איהר מיר ניט גלויבען, לייענט זשע איבער דעם שטר מכירה וואס דער ירושלמי האָט מיר ארויסגעגעבען ווען ער האָט מיר פארקויפט זיין ערד.

הערשעל האָט ארויסגענומען פונ׳ם בוזעם א שטר מכירה און האָט עס דערלאנגט דעם רבין. דער רבי האָט עס איבער־געלייענט און האָט זיך שטארק צולאכט פון דעם איינפאל.

——:——

— הערשעל — האָבען די חברה קדישה איהם געפרעגט — וואָס האָסטו אינז אָפּגענארט?

— איך האָב אייך גאָר ניט אָפּגענאַרט — האָט הערשעל זיי געענטפערט — איך האָב דאָס גענומען ביי אייך האנט־געלט, איך זאָג אייך צו אויף מיין וואָרט, אז זי איז אייערע און וועל זי שוין ערגעץ ניט אוועקפיהרען. אויב איהר האָט נאָך א פּאָר גילדען, קענט איהר מיר געבען האנט־געלט פאר מיר אויך, און איך וועל אויך זיין אייערע.

—————:—————

# די יארמילקע.

ר׳ ברוכ׳לם גבאי האָט קיין מאָל ניט געלעבט בשלום מיט הערשלען. ער האָט איהם פיינט געהאט פאר זיינע שטעכווערט־לאך. איינמאָל, ארויסגעהענדיג פון די כלים איבער עפּעס שטאָכוואָרט, זאָגט ער צו הערשלען: „וואָרט אוים, אז דו וועסט שטארבען, וועל איך דיר אפילו אין קבר אויך ניט לאָזען רוהען.“

אויף מאָרגען קומט הערשעל אריין צום רבי׳ן מיט א פאר־קניטשטען פּנים.

— וואָס איז דיר, הערשעל? — פרעגט דער רבי ר׳ ברוכ׳ל

— ביזט ניט געזונט?

— אָט וואָס מיר איז — ענטפערט הערשעל — איך קען ניט לעבען אָהן אייער יארמילקע, שענקט זי מיר אוועק.

— צו וואָס דארפסט דו מיין יארמילקע?

— אייער גבאי האָט מיך פארסטראשעט, אז אפילו אין קבר וועט ער מיך אויך ניט לאָזען רוהען, דארום וויל איך מיך לאָזען מקבר זיין מיט אייער יארמילקע פאר וועלכע ער ציטערט זעהר. (מיט דער יארמילקע פלעגט דער רבי אָפּט פּאטשען זיין גבאי).

חסידים האָבען ניט געהאט די עזות איהם צו דערמאנען.

דערווייל איז אָנגעקומען הערשעל, האָבען זיי איהם דער־צעהלט, אז דער רבי האָט זיך פאר׳דבק׳עט און האָט נאָך ניט געדאווענט, און ס׳איז שוין אזוי שפעט.

האָט זיי הערשעל געזאָגט, אז ער וועט עס מאכען רעכט. ער איז אריין צום רבי׳ן און געזאָגט:

— רבי, איך האָב איבערגעלעגט דעם קאסטען און האָב גע־פונען די כתובה פאר׳חתמ׳עט מיט זויערטייג, איז ביי מיר א שאלה, צי מעג איך וואוינען מיט מיין ווייב, אָדער ניט? אויב ניט, בלייב איך אָהן א מלכה אויף פסח, און ס׳איז שוין אזוי שפעט, אז ס׳איז שוין צייט צו פארברענען דעם חמץ און ווער רעדט דאווענען געוויס.

דאמאָלסט האָט זיך ר׳ ברוכ׳ל גלייך געכאפט, אז עס איז שפעט.

———:———

## הערשעל נעמט האנט-געלט ביי חברה קדישה.

איינמאָל, ערב פסח, איז הערשעל אוועק צו חברה קדישה און האָט פאר זיי אָנגעהויבען וויינען, אז די ווייב איז איהם גע־שטארבען און ער האָט ניט אויף תכריכים.

חברה-קדישה האָבען איהם געגעבען א פּאָר רובעל ער זאָל נעהען תכריכים און איהם צוגעזאָגט, אז אין צוויי שעה ארום וועלען זיי קומען איהר נעמען.

הערשעל האָט צוגענומען די געלט און האָט געקויפט מצות.

אין א פּאָר שעה ארום זיינען געקומען די חברה-קדישה צו הערשלען אין הויז נעמען דער ווייב, ערשט זיי זעהן, זי געהט אום און שמירט אוים די ווענט אויף פסח.

— רבי, ראטעווּעט מיין טאָכטער, זי געהט שוין צוויי טעג צו קינד.

הערשעל האָט זיך קיין סך ניט געלאָזט טענה'ן. ער האָט ארויסגענומען א מטבע פון קעשענע, געגעבען דער אידענע, און דאָס געהייסען צולייגען דער טאָכטער צום נאָפּעל, וועט זי באלד מוליד זיין.

מיט א טאָג שפּעטער, איז געקומען די אידענע און גע־בראכט דעם רבי'ן א פּדיון, א פּאָר היהנער, און איהם געדאנקט פאר דער סגולה, וועלכע האָט טאקע געהאָלפען דער טאָכטער.

דער רבי האָט ניט געוואוסט פון וואס צו זאָגען, אבער ער האָט געמאכט א שווייג און צוגענומען דעם פּדיון.

שפּעטער, אז די אידענע איז ארוים, האָט ער זיך געווענדעט צו הערשלען:

— הערשעל, — האָט געזאָגט דער רבי ר' ברוכ'ל — איך פארשטעה גוט, אז ס'איז עפּעס דיינער א שפּיצעל אין דעם. זאָג מיר נאָר, וואס פאר א סגולה האָסטו דאס געגעבען דער אידענע, וואָס האָט איהר אזוי געהאָלפען?

— איך האָב איהר געגעבען א מטבע — האָט הערשעל גע־ענטפערט — זי זאָל דאס צולייגען צום נאָפּעל, ווייל נאָך א מטבע לויפט יעדער אָרעמאן, האָב איך פארשטאַנען, אז דאס קינד וועט אויך גלייך נאָך דעם ארויסלויפען.

———:———

## ווי אזוי הערשעל זאָגט אָן דעם רבי'ן.

איינמאָל, ערב פּסח אינדערפריה, ס'איז שוין געווען צייט צו פארברענגען דעם חמץ, אבער דער רבי, ר' ברוכ'ל, האָט זיך זעהר פארטראכט וועגען די אָרימעלייט, ווייל ס'איז געווען זעהר וויניג מעות חטים, און ער האָט זיך ניט געשטעלט דאווגען. די

— נו, פרעג, לאָז מען הערען.

— מיר איז קשה — זאָגט הערשעל — ואם תאמר, מה נאכל? וואָס טוט מען, אז ס'איז ניטאָ וואָס צו עסען?

ר' ברוכ'ל האָט פארשטאַנען זיין כונה און האָט איהם געגעבען עטליכע קאָפּיקעס. עס זיינען אבער ניט אריבער קיין עטליכע שעה ווי הערשעל איז ווידער געקומען צום רבין און געפרעגט די זעלבע קשיה „מה נאכל". פרעגט איהם דער רבי:

— איך האָב דאָך דיר שוין איינמאָל פארענטפערט די קשיה, וואָס ביזטו ווידער געקומען מיר דאס פרעגען?

— פארשטעהט איהר מיך, רבי לעב — זאָגט הערשעל — אַז איך בין געקומען אהיים און האָב גענומען צוקייען אייער תירוץ, איז מיר פון איהם גאר ניט געבליבען, דעריבער בין איך געקומען צו אייך נאָך א נייעם תירוץ.

— גוט, — זאָגט ר' ברוך'ל — ויש לישב בדוחק, איך קען דיר ענטפערען דערויף, אז ווען ס'איז ניטאָ וואס צו עסען, לעבט מען אין דחקות.

---

## הערשעל גיט אַ סגולה.

דער רבי, ר' ברוכ'ל, איז אמאָל אוועקגעאנגען און זיך פארזאמט. דערווייל זעהט הערשעל דורכ'ן פענסטער ווי א אידענע לויפט און שרייט: „פריהער גאָט דערנאָך דער רבי קען ראטעווען מיין קינד". האָט הערשעל גיך געכאפּט און אָנגעטאָן דעם רבינ'ס שטריימעל מיט'ן כאלאט, גענומען א ספר אין האנט און זיך אוועקגעזעצט אויף דעם רבי'ס אָרט.

די אידענע איז אריינגעלאָפען פארוויינט, און זיך געווענדעט צו הערשלען:

— וואָס זשע איהר מאכט חוזק פון מיר? דאָס איז דאָך אַ פּיאטאק?!

— איך ווייס אויך וואָס דאָס איז, — ענטפערט הערשעל, — נאָר איהר אליין האָט דאָך פאר עדות מיר געזאָגט, אז דאָ עסט איטליכער פאר זיין געלט און איך שווער אייך ביי מיין הן, אז מעהר ווי דעם פּיאטאק מיין אייגענס האָב איך ניט. אַ גוטען טאָג!

און ער איז אוועקגעגאנגען.

———:———

## הערשעל׳ס אַ נס.

איינמאָל איז הערשעל געקומען אין קלויז צו די חסידים און געזאָגט, אז ער דארף בענשען גומל, עס האָט איהם געטראָפען אַ נס, ער איז ניצול געוואָרען פון טויט.

חברה האָבען אבער גוט געקאָנט הערשלען און גלייך פארשטאַנען, אז ער מיינט דערמיט אַ וואונדערליכע שטוקע. האָבען זיי איהם גלייך געפרעגט:

— דערצעהל אונז, הערשעל, וואס האָט עס דיר געטראָפען?

ענטפערט זיי הערשעל:

— איך וועל אייך דערצעהלען, איך בין געגאנגען איבער אַ בריק אויף אַ טייך, האָב איך געהערט שטארק קלאפּען, איך גיב אַ קוק אויף דעם וואסער, איך זעה ווי מיין וועשערין קלאפּט מיינע העמדער, היינט ווען איך וואָלט געווען אין העמד, וואָלט דאָך פון מיר קיין זכר ניט פארבליבען.

———:———

## ויש לישב בדוחק.

הערשעל קומט אריין אמאָל צום גוטען אידען ר׳ ברוך׳ל און זאָגט צו איהם:

— רבי, פארענטפערט מיר אַ תוספות.

— עס איז אמת, הערשעל, מען זאָגט אז אָפט שלאָגסטו דיין ווייב מיט'ן שטעקען און זי דיך מיט דער קאטשערע ?

— עט ! — ענטפערט הערשעל — עס טרעפט ביי אונז אמאָל פארקעהרט אויך...

———:———

## הערשעל עסט פאר זיין געלט.

הערשעל קומט אמאָל אין א קרעטשמע הונגעריג ווי א וואָלף און פרעגט דעם קרעטשמער אויב מען גיט דאָ אומזיסט עסען.

— ניין, — ענטפערט דער קרעטשמער — דאָ עסט איטלי-כער פאר זיין געלט.

— זייט עדות ליעבע אידען, — ווענדעט זיך הערשעל צו די איבעריגע אורחים פון קרעטשמע. — דער קרעטשמער זאָגט מיר צו, אז נאָר פאר מיין געלט קאָן איך דאָ עסען. נו, בעל-הבית ! — זאָגט הערשעל צום בעל־הבית — גיט נאָר אהער אביסעל בראנפען מיט א גוטען באָרשט מיט קאשע.

דער קרעטשמער האָט איהם דערלאנגט וואס ער האָט גע-הייסען.

הערשעל האָט אריינגעשטעלט דעם באָרשט מיט קאשע, האָט נאָכדעם זיך געהייסען דערלאַנגען א שטיקעל גענזענס, נאָכ-דעם האָט ער זיך געהייסען מאכען ווארעניקעס און האָט פאר-טרונקען מיט א גוט גלעזעל וויין. אז ער האָט גענדיגט עסען, נעהמט הערשעל ארויס א גרויסען פיאטאק (8 גראָשען) פון זיין קעשענע און דערלאנגט עס דעם קרעטשמער.

— וואָס גיט איהר מיר עפּעס א פיאטאק ? — פרעגט דער קרעטשמער.

— דאָס באצאָהל איך אייך — זאָגט הערשעל — פאר דעם בראָנפען, פאר דעם באָרשט מיט קאשע, פאר דעם גענזענס, פאר די ווארעניקעס און פאר דעם וויין.

געפלאַנצט א וויינגאָרטען און האָט אויסגעטראכט דעם וויין. איז אָט פון דעם דאָזיגען מבול פון וויין זיינען שוין א סך מעהר מענשען אומגעקומען ווי פון דעם ערשטען מבול.

— וואָס איז דאָס ערגסטע אין דער תולדות הטבע (נאַטור געשיכטע) ?

— וואָנצען מיט צוויי־פיסיגע עזלען.

— וואָס וואָלסטו טאָן, הערשעל, ווען דו זאָלסט פלוצים רייך ווערען ?

— איך וואָלט אָנשטאָפּען די אלע לעכער פון מיינע קליידער מיט אסיגנאציעס.

— פון וועלכער צייט האָבען די מענשען אָנגעהויבען צו שטארבען ?

— זינט די מענער האָבען אָנגעהויבען צו פאָלגען די ווייבער.

— וואָס איז דער חלוק פון א חסיד ביז א מתנגד ?

— דער חסיד זאָגט, אז דער רבי איז א צדיק און דער מתנגד זאָגט, א צדיק איז גאָט.

— וועלכע נאציע איז די חשוב'סטע אין דער וועלט ?

— די אסיג־נאַציע.

— ווי קומט עס וואָס פון ראש חודש אלול הויבט שוין אָן קיהל צו ווערען ?

— מחמת מען בלאָזט שופר דעם גאנצען חודש, איז די ווינטען וואס געהען ארוים פון די שופרות קיהלען אָפּ דעם הייסען אויר, ווערט קאלט.

— פאר וואס פאלט א שכור פון די פים און ניט פונ'ם קאָפּ ?

— ווייל עס שטעהט : שקר אין לו רגלים און שקר מיט „שכור" גלייכט זיך כמעט אוים ביים רעדען.

— נאָך וואס טויגען דעם מענשען די אויערען ?

— כדי דאָס היטעל זאָל ניט אראָפּפאלען איבער די אויגען.

— פאר וואס איז עס?

— ווייל פון דעם רייכען ברית וועט שפּעטער ווערען א רייכע לויה.

פרעגט מען ווייטער הערשלען:

— וואָס ווילסטו בעסער: א שיסעל באָרשט, צי צוויי שיסלען רויהע בוריקעס?

— צוויי שיסלען רויהע בוריקעס. — ענטפערט הערשעל.

— וואָס קענסטו דען טאָן מיט זיי?

— פון זיי קען איך האָבען א וואוילע שיסעל באָרשט און זאָל נאָך פארבייסען מיט די בוריקעס.

מען פרעגט ווייטער הערשלען:

— ווער איז געווען דער ערשטער אפּטייקער אין דער וועלט?

— די ציג, — ענטפערט הערשעל, — ווייל זי האָט אויפגע־זוכט קרייטער און געמאכט פּילען.

מען פרעגט ווייטער הערשלען:

— וואָס איז נוצליכער אויף דער וועלט: די זון צי די לבנה?

— אודאי די לבנה — ענטפערט הערשעל — וואָרים די זון שיינט דאָך נאָר בייטאָג, ווען עס איז אָהן דעם אזוי אויך גענוג ליכטיג.

— פאר וואס האָט מען אדם הראשון ארויסגעטריבען פון׳ם גן עדן?

— מסתמא האָט ער ניט געצאָהלט קיין דירה־געלט.

— פאר וואס קומט ניט משיח אזוי לאנג?

— כדי דער יין המשומר זאָל אלט ווערען, וועט ער בעסער זיין צום טרינקען.

— קאָן זיין אויף דער וועלט א צווייטער מבול?

— ער איז שוין פון לאנג דאָ, — ענטפערט הערשעל, — ווען נח איז לעבען געבליבען פון דעם ערשטען מבול, האָט ער

האָט מען געכאַפּט הערשלען אין שענק און מען האָט איהם גע־שלעפּט צום רב.

— ווי אַזוי עסט עס א איד אין א תענית? — פרעגט איהם דער רב.

— זאָגט מיר, רבי, — ענטפערט הערשעל, — א שטייגער, ווען איך זאָל געבען טויזענט רובעל אַן אָרעמע בתולה זי זאָל קענען חתונה האָבען, וואָלט איך מעגען עסען?

— יא, — זאָגט דער רב, — נאָר ווי אַזוי קען דאָס געשעהן?

— איך בין געגאַנגען צום טייך, — ענטפערט הערשעל — זיינען געשטאַנען צוויי מיידלעך און האָבען געוואַשען וועש. הער איך ווי איינע זאָגט: „איך גלויב, אז היינט פאַסט ביי אונז די גאַנצע שטאָט". ענטפערט די אנדערע: „פון דעסטוועגען וואָלט איך געוואָלט האָבען אַזוי פיעל טויזענטער וויפיעל מענשען עס וועלען היינט ניט פאַסטען". נו, האָב איך דערפאַר אויך ניט גע־פאַסט, כדי דאָס מיידעל זאָל האָבען מיט טויזענט רובעל מעהר.

דער רב מיט די מענשען האָבען זיך צולאַכט און הערשעל איז זיך אַוועקגעגאַנגען.



# אין בית המדרש.

אין די גרויסע ווינטערדיגע נעכט פלעגט הערשעל ליעב האָבען צו זיצען אין בית־המדרש ביי דער וואַרעמער הרובע מיט א חברה בטלנים און עוסק זיין אין שאלות־ותשובות.

מען פרעגט הערשלען:

— וואָס האָסטו בעסער ליעב: א רייכען ברית אָדער א רייכע לויה?

— א רייכען ברית. — ענטפערט הערשעל.

בעל־הבית דערלאנגט א חשבון אויף פופציג רובעל. האָבען די חסידים זיך געכאפּט ביים קאָפּ און אָנגעהויבען שרייען:

— אז איהר מאכט א סעודה, וואס איהר זייט ניצול געוואָרען פון גזלנים, בעט איהר ביי אונז געלט? מיר האָבען דאָך אייך ניט געבעטען?

האָט דער בעל־הבית גענטפערט:

— איך, א סעודה, ווער האָט דאָס אויסגעטראכט? איהר האָט דאָך געשיקט הערשלען, איך זאָל אלעם צוגרייטען?

באלד זיינען זיי געוואָהר געוואָרען, אז הערשעל האָט ביי־דען אָפּגענארט. האָבען די חסידים געמוזט באצאָלען און זיינען אוועקגעפאָהרען מיט א כעס, אז ווי זיי וועלען נאָר כאפּען הערש־לען, וועלען זיי איהם געבען זיין פּסק.

אויף דער חתונה האָבען זיי געטראָפען הערשלען, זיינען זיי ארויפגעפאלען אויף איהם מיט קולות, וואס האָט ער געהאט צו זיי, פארוואס האָט ער זיי דאָס אָפּגעטאָן.

האָט זיי הערשעל גענטפערט:

— אז איהר האָט מיר געמאכט א ראש חדש, האָב איך אייך געמאכט א יום טוב.

———:———

## ווי אזוי הערשעל מאַכט חתונה אן אָרעמע בתולה.

אום עשרה בטבת האָט זיך אמאָל פארגלוסט הערשלען ניט צו פאסטען. ער איז אריינגעגאנגען אין א שענק און האָט גע־נומען אביסעל בראנפען און האָט פארביסען מיט א בייגעל. אויף זיין אומגליק איז מען דעמאָלט אומגעגאנגען זוכען חטאים אין שטאָט, ווייל א געווינערין איז שווער געגאנגען צו קינד.

פּיש, גוטע פלײשען און געבראָטענס מיט װײן, עס זאל אלעס זײן כיד המלך. װעגן געלט װעט מען זיך מיט אײך ניט דינגען.

דער בעל־הבית האָט גלײך גענומען טאָן װי הערשעל האָט איהם געזאָגט. די װײב האָט זיך געשטעלט קאָכען און אלעס צוגרײטען אין הויז. הערשעל אלײן איז ארויס פון קרעטשמע און אװעק אנטקעגען די אורחים.

ניט װײט פון קרעטשמע האָט הערשעל באגעגענט די פוהר און האָט זײ דערצעהלט א גאנצע מעשה:

— דער בעל־הבית פון קרעטשמע מאכט א סעודה. שױן דרײ טעג, אז מען הוליעט דאָרט און װער עס פאָהרט נאָר אדורך, לאָזט ער ניט אװעק. מען גיט עסען און טרינקען און מען נעמט ניט א גראָשען באצאָלט. נאָר־װאָס איז פון קרעטשמע אװעקגעפאָהרען א בויד מיט פארשװינען, און מען האָט בײ זײ א קאָפּיקע ניט גענומען, ניט פאר'ן עסען און ניט פאר'ן טרינקען. אין שטוב איז דאָרט צוגעקליבען און דער טיש איז גרײט פאר יעדערען.

זײ זײנען צוגעפאָהרען צום קרעטשמע און געזעהן, אז הער־שעל האָט געזאָגט אמת. דער טיש אין הויז איז געװען גרײט. חברה חסידים האָט ניט געמאכט קײן שאלות און זיך געזעצט עסען און קעהרען די כוסות. דער בעל־הבית האָט זײ דערלאנגט דאָס בעסטע און זײ געפרעגט צי זײנען זײ צופרידען פון דעם װײן, װײל ער האָט אין קעלער בעסערע.

זײ האָבען אזױ פארבראכט פרעהליך ביז שפּעט אין דער נאכט. אינמיטען נאכט איז ארײן דער בעל־עגלה און געזאָגט, אז דער פערד איז געשפּאנט. זײ מוזען פאָהרען, װײל זײ װעלען פארשפּעטיגען די חתונה.

אַז הערשעל האָט דערהערט פאָהרען, האָט ער געמאכט ויברח. אז זײ האָבען זיך געזעצט אויפ'ן פוהר, האָט זײ דער

## אַז בײַ זײַ איז ראש־חודש, איז בײַ איהם יום טוב.

הערשעל איז אײנמאָל געפאָהרען מיט חסידים אויף א חתונה. די חסידים זײַנען געװעזען זעהר פרעהליך. מען איז גע־קומען אין א קרעטשמע, האָבען די חסידים געמאַכט א מנין און געשטעלט הערשלען פאר'ן עמוד. אז ס'איז געקומען צו חזרת הש"ץ ביי רצה, האָבען זיי געגעבען א קלאפּ אין טיש, הערשעל זאָל זאָגען יעלה ויבוא. הערשעל האָט אפילו געוואוסט, אז יענער טאָג איז געווען גאָר ערב ראש חדש, ניט ראש חדש, נאָר אז די חסידים הייסען זאָגען, האָט ער געטראַכט אפשר האָט ער געהאט א טעות. אָבער נאָך שמונה עשרה האָבען זיך די חסידים פון איהם צולאַכט און געזאָגט: „אָט האָבען מיר אָפּגע־נאַרט הערשלען."

האָט זיי הערשעל געענטפערט: „עס וועט אייך טייער קאָסטען."

זיי זײַנען אוועקגעפאָהרען. הערשעל האָט געוואוסט, אז ווייטער מיט א פּאָר מייל איז פאראַן נאָך א קרעטשמע און אז דער בעל־עגלה וועט זיך דאָרט אויך אָפּשטעלען א ווײַלע, געבען די פערד אביסעל היי. זאָגט הערשעל צו די חסידים:

— איהר ווייסט, איך וויל זיך אביסעל דורכגעהן און איהר וועט מיר אָניאָגען.

ער איז אוועק גיך און געקומען צו דער קרעטשמע. ער האָט אָפּגערופען דעם בעל־הבית פון קרעטשמע אָן א זייט אָן צו איהם געזאָגט:

— איהר זאָלט וויסען, אז ר' בער, דער בעל־עגלה, פאָהרט מיט זיבען פארשוינען, אלע נגידים, אויף א חתונה. זיי האָבען מיך געשיקט פאראויס אייך אָנזאָגען, אז זיי וועלען ביי אייך נעכטיגען, און זיי בעטען אייך איהר זאָלט אָנגרייטען גוטע

אָן האָט זי שוין מעהר ניט געקאָנט קוקען אויף די גריבעס.

הערשעל האָט אפילו געלייזט שעהנע עטליכע שטעקענס אויף זיין פּלייצע פון דעם פרנס־חדש פאר די שרעק וואס ער האָט פארשאפט זיין ווייב. נאָכדעם אבער האָט ער איהם איבערגע־בעטען, און דער פרנס האָט איהם אוועקגעשענקט זיין שבת'דיגע קאפאָטע.

———:———.

## ווי ביי הערשלען אין הויז איז געמאָלט.

איינמאָל איז הערשעל אריין צו א גביר אין א הויז. דער גביר האָט איהם ארומגעפיהרט ווייזען זיין דירה, ווי אומעטום איז געוועזן זעהר שעהן אויסגעמאָלט. דער גביר האָט געפרעגט הערשלען, ווי געפעלט איהם די דירה.

— איך וועל אייך זאָגען, — ענטפערט הערשעל דעם גביר — ביי אייך איז טאקע שעהן אויסגעמאָלט, נאָר ביי מיר איז שעה־נער געמאָלט.

— וואָס? — האָט זיך דער גביר געכאפט מיט כעס — די גאנצע וועלט ווייס, אז דו ביזט א שלעפּער, זאָגסט דו, אז דיין דירה איז שעהנער פון מיינע?

ענטפערט איהם הערשעל:

— איך האָב אייך קיין ליגען ניט געזאָגט. ביי אייך איז די הויז שעהן געמאָלט, אבער ביי מיר איז נאָך שעהנער געמאָלט, אז איך האָב קיין ברויט אויך ניט אין הויז.

דער גביר האָט זיך צולאכט און איהם געגעבען א שעהנע נדבה.

———:———

דאָס ווייב פון פרנס-חדש האָט שרעקליך ניט געקענט קוקען אויף שווארצע טאראקאנעס. הערשעל האָט דאס געוואוסט, און האָט עס באנוצט פאר א מיטעל אויסצופיהרען זיין פלאן. ער האָט געקויפט אין מארק ווייסע גריבעס, האָט זיי צושפּאלטען און אָנגעפילט זיי מיט א סך לעבעדיגע טאראקאנעס און נאָכ־דעם. ווי ער האָט צוריק גאנץ געמאכט די גריבעס, האָט ער עס אונטערגעטראָגען פאר א משלוח מנות צום ווייב פון דעם פרנס־חדש. דאָס ווייב האָט גערן צוגענומען ביי איהם די טייערע מתנה און האָט געהייסען איהר קעכען זי זאל זיי ארייננעהמען אין קיך און אָפּבראָטען זיי.

הערשעל האָט זיך אונטערגעכאפּט, ער וועט זיי אליין ארייני־טראָגען אין קיך. ער האָט געוואָלט אכטונג געבען אויף דער קעכין, זי זאל ניט ענטדעקען זיין כיטרען איינפאל.

באלד זיינען די גריבעס פארטיג געוואָרען און הערשעל איז צוריק אריינגעגאנגען אין שטוב. די בעל הבית'טע האָט מכבד געווען הערשלען מיט א פולען טעלער מיט גריבעס. הערשעל האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד און די בעל־הבית'טע האָט דערווייל שוין אויפגעגעסען עטליכע גריבעס.

פלוצים הויבט זיך אָן הערשעל צו קרימען, כאפּט אוים ביי דער בעל־הבית'טע די גריבעס און נאָכדעם ווי ער האָט אוועק־געוואָרפען זיין טעלער מיט גריבעס, לויפט ער ארוים פון דעם טיש און הייבט אָן צו שרייען:

— מען האָט מיך אָפּגענארט! אָפּגענארט! טאראקאנעס! טאראקאנעס!

די בעל־הבית'טע איז אויפגעשטאַנען פון איהר אָרט, האָט גענומען באטראכטען די רויע גריבעס; זי האָט אויפגעשפּאָלטען איינע פון זיי, איז ארויסגעקראָכען א לעבעדיגער שווארצער טאראקאן; דעם צווייטען, דעם דריטען — אויך די אייגענע מעשה! די בעל־הבית'טע איז חלשות געפאלען און פון דעמאָלט

אָן אָרימאַן, האָט זי איהם אָנגעגאָסען גאָר א קליינע גלעזעלע בראָנפען.

אַז הערשעל האָט דערזעהן די גלעזעלע, זאָגט ער צו דער מיידעל:

— פון דעם גלעזעל טאָר איך ניט טרינקען, זי איז ניט קיין גע'טובל'טע.

די מיידעל האָט אויסגעקליבען א גרויסע גלאָז, עס געוויזען הערשלען, און געפרעגט:

— און פון דער מעגט איהר טרינקען?

— יע, — ענטפערט הערשעל — דאס גרויסע גלאָז איז גע־טובל'ט.

האָט די מיידעל גענומען און איבערגעגאָסען די ביסעלע בראָנפען פון דער קליינער גלעזעלע אין דער גרויסער גלאָז, און דערלאנגט הערשלען.

— אָ, — האָט הערשעל זיך אָפּגערופען — עס איז שוין דאָ קליגערע פון מיר, בין איך שוין איבעריג.

---

## גריבעס מיט טאראקאנעס.

דאָס ווייב פון דעם פרנס-חדש פון הערשעלס שטאָט האָט שטארק ליעב געהאט צו עסען גריבעס, און כאָטש דאָס פלעגט איהר פארשאטען און זי פלעגט אלע מאָל קראנק ווערען, דאָך האָט זי זיך ניט געקאָנט אָפּגעוואוינען פון דעם זיסען מאכל. איהר מאן האָט דערפון געהאט גרויסע יסורים, ווייל ער האָט שטארק ליעב געהאט דאָס ווייב. ער האָט הערשלען דערצעהלט זיינע צרות, און הערשעל האָט זיך אונטערגענומען אָפּגעוואוינען דאָס ווייב פון די גריבעס, און אָט וואס ער האָט געטאָן.

חייקעל: ווען מען זאָל דיר אבער אויפקלעהרען, אז דאָס איז נאָר די זון?

הערשעל: וואָלט איך יענעם זאָגען, אז ער איז א ליגנער!

חייקעל: נאָר מיך קענסט דו דאָך, אז איך בין ניט קיין ליגנער און אז איך אליין וואָלט דיר זאָגען, אז דאָס איז די זון, וואס וואָלסטו מיר דערויף גע-ענטפערט?

הערשעל: איך וואָלט געענטפערט, אז דו ביזט משוגע!

———:———

## הערשעל ווינשעוועט.

הערשעל האָט אמאָל צוגעווינשעוועט אן אָרעמען ישיבה-בחור, אז גאָט זאל איהם צושיקען א כלה מיט דריי מעלות, זי זאָל זיין שעהן, רייך און משוגע.

— צו וואס זשע, ר' הערש, זאָל זי גאָר זיין משוגע? — פרעגט איהם דער ישיבה-בחור.

— שוטה איינער! — ענטפערט איהם הערשעל — אז זי וועט זיין שעהן און רייך און וועט דיך נעהמען איז זי דאָך במילא משוגע.

———:———

## ווי אַ קליין מיידעל קליגט זיך איבער הערשלען.

הערשעל איז אמאָל אריינגעקומען אין א שענק און געזעהן, אז ביי דער סטויקע (דער טיש וואו מען פארקויפט) שטעהט א קליינע מיידעל. האָט איהר הערשעל געבעטען, זי זאל איהם אָנ-גיסען אביסעל בראָנפען. די מיידעל האָט הערשלען געקאָנט פאָן

— א! וואס מאכט איהר ר׳ טאָדרעס? שוין א צייט, אז איך האָב אייך נישט געזעהן! איהר האָט זיך אזוי איבערגעביטען אין דער צייט, אז איך האָב אייך קוים דערקענט.

— איהר האָט א טעות, מיין ליעבער איד, איך הייס גאָר יאנקעל ניט טאָדרעס.

— אך! וואונדערט זיך הערשעל ווייטער — ווי אזוי א מענש בייט זיך דאס איבער! אפילו דער נאָמען אייערער האָט זיך שוין אויך פארביטען.

———:———

## הערשעל ברייגגט א ראיה.

הערשעל טרעפט אמאָל זיין חבר חייקלען ווי ער וואשט זיך מיט בראנפען דעם קאָפּ.

— וואָס איז דאס פאר א שגעון, — פרעגט ער איהם — וואָס דו וואשט זיך מיט בראנפען דעם קאָפּ?

— איך האָב דערקלערט מיט מיין חקירה, — ענטפערט חייקעל חקרן, — אז דאָס איז א סגולה, די האָר זאָל וואקסען.

— עט, גלויב דאס ניט! — זאָגט הערשעל, — ווען דאס זאָל טאקע זיין אן אמת, וואָלט אין גאָרגעל ביי מִיר שוין אוים־געוואקסען א באָרד אויף עטליכע ארשין.

———:———

## הערשעל און חייקעל חקרן.

**חייקעל חקרן:** זאָג מיר, הערשעל, ווען למשל, א שטייגער, עס זאָל ווערען אזא מין שינוי (ענדערונג) אין דער נאַטור, אז די זון זאָל אָנהויבען שיינען ביי־נאַכט, וואָס וואָלסטו דערויף געזאָגט?

**הערשעל:** איך וואָלט געזאָגט, אז דאָס איז די לבנה.

— ניין, הערשעל, א חזיר קאָן דען זיין א שותף צו דיר ?
— ביים עסען קלייבט מען ניט איבער — ענטפערט הערשעל — און ווידער: איך האָב דאָך אייך ניט געזאָגט ווער עס וועט זיין מיין שותף, דארום האָב איך געוואונען.

דער עולם האָט איהם אָפּגעגעבען די צעהן רובעל און הערשעל איז ארוים פון דער אכסניה זאַט און נאָך מיט צעהן רובעל אין קעשענע.

——:——

## הערשעל לויבט אַ חתן.

מען האָט אמאָל זיך אָנגעפרעגט ביי הערשלען אויף א קארגען חתן, וועלכער האָט זיך געהייסען געבען זעהר פיעל נדן. האָט הערשעל געענטפערט: אז איהם קומט טאקע א סך נדן איבער פיעל מעלות, אמאָל פלעגט א פערד קאָסטען 20 רובעל, קאָסט היינט איבער 100 רובעל; א חזיר וואס פלעגט קאָסטען 5 רובעל, קאָסט היינט 20 רובעל און א בחור וואס פלעגט נעהמען 200 גילדען נדן, נעהמט היינט 2,000 רובעל נדן. היינט, אז ער איז א חזיר איינער אין דער מדינה און א פערד איז זיין גלייכען ניטאָ און דערצו א חתן אויך, טאָ וויפיעל איז ער דאָס ווערט צו נעמען נדן ?

——:——

## הערשעל דערקענט אַ מענשען.

הערשעל געהט אין גאס פארטראכט. פלוצלים לויפט ער צו צו א מענשען פון דער גאס, שטופּט איהם אריין די האנט און שרייט אוים מיט שמחה:

— רבותי! ווער קאָן זיך מיט מיר פּאַרוועטען אין עסען? איך נעהם זיך אונטער מיט נאָך איינעם אויפצועסען א גאַנצען זאַק קאַרטאָפּלעס מיט שמאַלץ!

— ער נאַרט אָפּ! — שרייען אַלע, דאס איז ניט מעגליך.

— ווער? איך נאַר אָפּ? — פרעגט הערשעל, — שטעלט איין צעהן רובעל, וועט איהר זעהן ווי איך מיט נאָך איינעם עסען מיר אויף א זעקעל אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפּלעס מיט שמאַלץ.

— מיר שטעלען איין! — זאָגט דער עולם — נאָר אויב דו מיינסט, אז איינער פון אונז וועט צו דיר צושטעהן פאר א שותף צום עסען, האָסטו א טעות.

— נישט-קשה, איך וועל שוין געפינען א שותף.

דער עולם האָט איינגעלעגט צעהן רובעל ביים אכסניה און האָבען איהם געהייסען צוגרייטען א זעקעל אָפּגעקאָכטע קאַר־טאָפּלעס מיט שמאַלץ.

אין א פּאָר שעה איז דער מאכל פערטיג געוואָרען און דער בעל אכסניה האָט עס הערשלען דערלאַנגט אין א גרויסען קעסעל אויף דעם טיש. הערשעל האָט געוואַרט ביז די קאַרטאָפּלעס האָבען זיך אויסגעקיהלט. נאָכדעם איז ער אַרויסגעגאַנגען אין הויף און האָט זיך באַלד צוריק אומגעקעהרט מיט א גרויסען חזיר אויף די הענט.

— אָט איז מיין שותף, וואס וועט מיר העלפען עסען — זאָגט ער צום עולם, ווייזענדיג אויף דעם חזיר וועלכער דער־שמעקענדיג נאָר דעם ריח פון די קאַרטאָפּלעס, האָט ער זיך שוין געריסען צום קעסעל.

דער עולם איז ערשטוינט געוואָרען פון הערשעלס איינפאַל.

— מיר גלויבען דיר, — האָבען די מענשען געזאָגט, — ביי אונז איז מעהר קיין ספק ניט, אז פאר אייך ביידע וועט נאָך ווייניג זיין דער קעסעל מיט די קאַרטאָפּעל.

— הייסט עס, האָב איך געוואונען די צעהן רובעל.

— פאר וואס זשע נעהמסט דו זי נישט ארויס?

— ווייל דער קאסטען איז פארשלאָסען.

— נו, שליסט מען אויף!

— דאָס שליסעלע ליגט אָבער אויך אין קאסטען. — ענט־פערט הערשעל.

———:———

# אין מאַרק.

— קויפט,, ר' הערשעל, די שאפע ביי מיר, איך פארקויף זי אין גלייכען געלט!

— וואָס זשע וועל איך ארייגלעגען אין איהר?

— סטייטש? אייערע מלבושים!

— און אליין זאָל איך נאקעט געהן? — פרעגט איהם הערשעל מיט א ברוגז'דיגען טאָן.

———:———

# ביים עסען קלייבט מען ניט איבער.

הערשעל זיצט אמאָל אין אכסניה זעהר פארשמאכט. אין דעם זיינען אהין אָנגעקומען א חברה מחותנים פון נאָך א חתונה און האָבען געהייסען דער בעל־הבית'טע זי זאָל מאכען א גוטע וועטשערע פאר זיי. דאָס עסען איז פארטיג געוואָרען און דער עולם האָט זיך אויסגעזעצט ביי די טישען און האָט אויך אָן הערשלען ניט פארגעסען.

אינמיטען עסען רופט זיך הערשעל אָן צו זיי:

— פארוואס זשע האָט איהר מיך אָפּגענארט ?

— איך האָב אייך ניט גענארט, מיין ליעבער איד, איך האָב זיך נאָר באריהמט פאר אייך.

— ווי אזוי האָט איהר זיך דאָס אונטערגעשטעלט דאָס צו טאָן ? — פרעגט דער בעל־אכסניה.

— בייזערט אייך נאָר ניט, פעטער ! — ענטפערט הערשעל. — פאר אזא פינסטערען און נאסען חדר און פאר אזא שלעכט עסען ווי איך האָב ביי אייך געהאט, איז פּשוט אן עבירה אייך צו באצאָהלען. פארקעהרט, איהר דארפט מיר נאָך צו־צאָהלען וואס איך האָב אזוי לאנג געליטען ביי אייך.

דער בעל אכסניה האָט פון פארדרוס זיך צואווויינט.

— וואָס איז דאָס פאר אן אומגליק ? — שרייט הערשעל — שטענדיג ווען איך דארף זיך ארויסציהען פון אן אכסניה, באַגלייט מיך דער בעל־הבית אָדער די בעל־הבית׳טע מיט טרע־רען, זיי באוויינען מיך ווי א געשטאָרבענעם. הערט אויף, איך בעט אייך, צו וויינען, עס קען זיין אז מיר וועלען זיך נאָך זעהן.

— ניין, ניין, לאָז גאָט אָפּהיטען ! — האָט דער בעל־אכסניה איהם נאָכגעשריען.



# אַ ת י ר ו ץ.

מען פרעגט אמאָל הערשלען, פאר וואס טראָגט ער אזא צוריסענע קאפּאָטע ?

— נישט־קשה, — ענטפערט ער, — זאָרגט אייך ניט. איך האָב אין קאסטען א נייע קאפּאָטע.

— פּופּצעהן רובעל א חודש, וועט שוין זיין אין דעם דריי געריכטען א טאָג מיט צוויי מאָל טיי.

— איך קען אייך געבען 20 רובעל א חודש, — זאָגט הערשעל, — אבי עס זאָל זיין גוטע עסען.

— אויב אזוי — זאָגט דער בעל אכסניה, — בין איך מרוצה צו ווארטען מיט דעם געלט אויף נאָך דעם חודש, אבי איהר זאָלט נאָר האלטען וואָרט און מיך ניט אָפּנארען.

— איך האָב נאָך קיינעם ניט אָפּגענארט — ענטפערט הערשעל, — מיר קומט אָפּט איינצושטעהן אין אכסניות און שטענדיג ווען איך ציה זיך ארויס באגלייט מיך דער בעל־אכסניה מיט טרערען.

און הערשעל איז געבליבען אין דער אכסניה.

עס איז אוועק א חודש און צוויי, הערשעל דערמאנט זיך ניט געלט צו צאָהלען, נאָר ער עסט און טרינקט און קומט צו זיך.

דעם בעל אכסניה איז דאס אריין טיעף אין דער נאָז.

— וואָס זאל דאס באדייטען, ר׳ הערש? — פרעגט ער איהם ענדליך — איהר האָט דאָך געזאָגט, אז איהר צאָהלט נאָכ׳ן חודש, צום סוף איז שוין אוועק צוויי חדשים און איך זעה נאָך אלץ ניט פון אייך קיין געלט!

— וואָס פאר א שוטה איהר זייט! — ענטפערט הערשעל — צי מיינט איהר אין אמת׳ן, אז ווען איך זאָל זיין א גוטער צאָהלער, וואלט איך באשטאַנען צו וואוינען אין אזא קבר? אָדער צו עסען אזא שלעכט עסען ווי ביי אייך איז?... היינט פארגעסט ניט, אז איך האָב אייך צוגעזאָגט צו געבען 26 רובעל א חודש, ווען איך פארדין ניט אפילו קיין 26 קאָפּיקעס א חודש און מיין שווער פון יענער וועלט זאָגט, אז פון דאָרט איז זעהר שווער איבערצושיקען געלט...

הערשעל קלאַפּט ווייטער אָן און בעט: „האָט רחמנות! לאָזט מיך אריין אין שטוב, ווארום איך ווער פארפרוירען!“

און דער בעל אכסניה זאָגט ווייטער צום ווייב:

— א רחמנות אויף דעם אידען, וואס שטעהט אין דרויסען!

— סטייטש, — זאָגט דאס ווייב, — אז דו האָסט יא רחמנות אויף איהם, פאר וואס זשע לאָזט דו איהם ניט אריין אין שטוב?

— נארעלע! — ענטפערט ער — אז איך וועל איהם אריינ־נעהמען אין שטוב, וועט דאָך שוין ניט זיין קיין רחמנות אויף איהם!

הערשעל האָט דעם ענטפער גוט געהערט און טראכט זיך: „וואַרט, איך וועל דיר שוין אָפּטאָן א גוט שפיצעל!“

אין א פּאָר טעג שפּעטער קומט הערשעל אריין אין דער זעלבער אכסניה, לייטיש אָנגעטאָן, און פרעגט דעם בעל אכסניה צי קאן ער ביי איהם האלטען סטאַנציע אויף ניט קיין באשטימ־טער צייט?

— אָך, מיט'ן גרעסטען כבוד! — ענטפערט דער בעל־אכסניה — איהר דארפט אודאי א באזונדער חדר מיט מעבעל?

— יא, און מיט עסען אויך.

— גוט, גוט! — זאָגט דער בעל אכסניה — נאָר געלט מוזט איהר מיר באצאָהלען פאר א חודש פאראויס.

— פאָראויס צאָהל איך קיין מאָל ניט, ווייל דער שווער מיינער שיקט מיר צו געלט נאָכ'ן חודש, דארום קאן איך ביי אייך קיין אורח ניט זיין... נאָר וויפיעל, למשל, נעהמט איהר פאר דעם חדר?

— פינף רובעל א חודש.

— איך בין אימשטאַנדע צו צאָהלען זעקס רובעל פאר דעם חדר, ווייל ער איז מיר געפעלען. און וויפיעל נעהמט איהר פאר קעסט?

## הערשעל היילט אַ פּויער.

אן אנדערש מאָל קומט צו איהם א פּויער און בעט איהם ער זאל איהם געבען א רפואה.

— וואָס טוט דיר וועה? — פרעגט הערשעל.

— אָט דאָ אין דער זייט טוט מיר זעהר וועה.

— הויב אויף די הענט ארויף און ציה דעם אָטעם.

דער פּויער טוט ווי הערשעל הייסט איהם.

— נו, וואָס הערט זיך?... דו אָטעמסט שווער?

— ניש-קשה... — ענטפערט דער פּויער — נאָר קוים ריהר איך זיך נאָר צו צו דער זייט, טוט מיר שוין וועה.

— ווייסט זשע וואָס, — זאָגט הערשעל — ריהר זיך קיין מאָל ניט צו צו דער זייט, וועט דיר מעהר ניט וועה טאָן.

— טאקע?! — שרייט אוים מיט פרייד דער פּויער — לאנג לעבען זאָלט איהר פאר דער עצה.

—————:—————

## הערשעל איז זיך נוקם.

הערשעל איז אמאָל אָנגעקומען ווינטער ביינאכט צו אן אכסניה ווען זי איז שוין געוועזן פארמאכט און אינדרויסען איז געוועזן א שרעקליכער פראָסט. הערשעל קלאפּט אָן אין דער טיר מען זאָל איהם עפענען. דער בעל אכסניה, וועלכער איז שוין געלעגען אין בעט, זאָגט צו זיין ווייב: „אַ רחמנות, כ׳לעבען, אויף דעם אידען וואָס שטעהט אויפ׳ן גאָס“. נאָר די טיר עפענט ער איהם ניט.

— ווי הייסט צו וואָס ? פאר מיין שנור ! איך בין דאָך ניט קראנק, נאָר די שנור איז קראנק !

— צו וואס זשע האָט איהר זיך געלאָזט לעגען דעם פלאס־טער ?

— ווייל איך האָב ניט געקענט זיין דערווידער אייערע רייד.

הערשעל האָט זיך שטארק צולאכט.

מיט פיעל מיהע האָט ער אָפּגעריסען דעם פלאסטער פון איהר פאטיליצע און זי האָט דאָס אוועקגעטראָגען דער שנור.

———:———

## זיין גליק וואָס ער איז א פארבער.

ווידער האָט זיך געטראָפען א מעשה אין הערשעלס פראק־טיקע אלס דאָקטאר.

מען האָט איהם גערופען צו א חולה. הייסט ער דעם חולה, ער זאל איהם ווייזען די האנט. הערשעל זעהט אז די האנט איז באדעקט מיט רויטע פלעקען, זאגט ער :

— דער חולה האָט א היציגע שלאפקייט מיט פלעקען, מוז ער שטארבען, ווייל ער האָט זיך אָנגענומען פון פאר׳עיפוש׳טע בהמות.

— וואָס רעדט איהר, הער דאָקטאר ? — וואונדערט זיך דעם קראנקענס ווייב, — מיין מאן איז א פארבער און פון די פארב איז איהם רויט די האנט.

— אויב אזוי, — זאָגט הערשעל — איז ער גליקליך וואס ער איז א פאַרבער, אז ניט וואָלט איך איהם שוין אָפּגעזאָגט דאָס לעבען.

———:———

הייסען ארויסשלעפּען א קוויטעלע פון זיין טאַש און האָט עָס איהר איבערגעלייענט. דאָרט איז געשטאַנען, אז מען זאָל מאכען א קאנע.

דאָס ווייבעל האָט זיך שטארק צולאכט, און פון דעם גרויס געלעכטער איז צוזעצט געוואָרען איהר מכה אין האלז און זי איז געהאָלפען געוואָרען.

———:———

## הערשעל לעגט אַ אידענע אַ פלאסטער.

איין מאָל קומט אריין צו הערשלען אן אלטע אידענע מיט א געוויין:

— העלפט מיר, הער דאָקטאר! ראטעוועט א נפש.

— וואָס פעלט אייך?

— דער קאָפּ ברעכט אזוי, אז עס שטעכט אזש אין די זייטען.

— מען דארף לעגען א פלאסטער אויף דער פּאטיליצע. גיט אהער צוואנציג קאָפּיקעס.

די אידענע גיט איהם דאָס געלט און הערשעל מאכט א פלאסטער און לעגט עס איהר דאָרט ארויף.

— אין צוויי שעה ארום זאָלט איהר דאָ ווידער זיין, וועל איך זעהן ווי אזוי עס האָט אָנגעריסען, און דערווייל געהט אהיים.

— סטייטש! — זאָגט די אידענע פארוואונדערט, — ווי אזוי זשע זאל איך געהן אהיים?

— וואָס הייסט, ווי אזוי? אזוי ווי אלע מענשען געהען.

— אפשר האָט איהר, הערר דאָקטאר, נאָך א פלאסטער?

— צו וואס איז?

דער נייער דאָקטאר איז טאקע געווען אונזער הערשעל. איהם האָבען זיך שוין אויסגעלאָזט אלע שטוקעס, האָט ער זיך מישב געווען און האָט זיך אויסגעגעבען פאר א דאָקטאר.

הערשעל באטראכט דעם חולה און געפינט די סבה פון איהר שלאפקייט.

— איהר מוזט חתונה האָבען, — זאָגט ער איהר קורץ — וועט איהר פאָלקאָם געזונט ווערען.

— עס קען זיין, אז איהר זייט גערעכט. איך גלויב אייך הער דאָקטאר. איך וועל פאָלגען אייער עצה. זעהט, געפינט מיר א חתן.

— איך בין ניט קיין שדכן און קען ניט זיין קיין שדכן.

— אז איהר קענט ניט זיין קיין שדכן, טאָ נעמט איהר מיך פאר א ווייב.

— ניין, — זאָגט הערשעל — מיר דאָקטוירים פארשרייבען נאָר רעצעפּטען, אבער מיר נעהמען זיי ניט.

———:———

## די לעצטע פּראקטיקע פון הערשעלס דאָקטאָריע.

הערשעל האָט געהאט אויסגעצייכענט פונ'ם ספר רפואות אלע רעצעפּטען, האָט ער עס איבערגעשריבען אויף קליינע קוויטלאך, און ווען מען האָט איהם גערופען צו א חולה, האָט ער איהם געהייסען ארויסציהען אויף גליק א קוויטעלע און וואס פאר א רפואה עס איז געווען פארשריבען אין דעם קוויטעלע, פלעגט ער הייסען מאכען פאר דעם חולה.

איין מאָל רופט מען איהם צו א ווייבעל, וועלכע עס האָט געהאט אָנגעריסען א מכה אין האלז. הערשעל האָט איהר גע־

און נעהמענדיג א קליין צוואנגעל האָט דער פּריץ זיך אריינ־געזעצט מיט הערשלען אין זיין קארעטע און זיינע צוויי באַדינטע — געזונטע פויערען — האָט ער געהייסען נאָכגעהן און זיי זיינען אזוי אָנגעקומען צו הערשעלס וואָהנונג.

דער פּריץ פרעגט הערשעלס ווייב, וועלכער צאָהן טוט עס איהר וועה און גיט איהר אן עצה זי זאָל זיך לאָזען אויסרייסען דעם צאָהן. הערשעלס ווייב שווערט זיך נעבעך מיט כל השבועות, אז איהר טהוט גאָר קיין מאָל ניט וועה קיין צאָהן, נאָר הערשעל שטעהט אונטער דעם פּריץ און רוימט איהם איין א סוד, אז דאס ווייב פארשטעלט זיך, זי נאַרט אָפּ.

דער פּריץ הייסט זיינע צוויי באדינטע זיי זאלען זי אנידער־זעצען אויף א באנק און פעסט זיי צוהאלטען. ער פרעגט הערש־לען, וועלכער צאָהן איז א שלאפער ביי איהר, און הערשעל ווייזט איהם אויף דעם געזונדסטען צאָהן און ווי שטארק די אָרעמע פרוי האָט נעבאך געשריען פון וועהטאָג, האָט דער פּריץ דאָך ארויסגעשלעפּט דעם שטארקסטען צאָהל פון איהר מויל.

שפּעטער איז דער פּריץ געוואָהר געוואָרען פון הערשעלס איינפאל און האָט א לאנגע צייט געלאכט. נאָר הערשעלס ווייב האָט פון דעמאָלט אָן שוין תמיד געפּאָלגט דעם מאן.



## הערשעל ווערט אַ דאָקטאר.

אן אלטע מויד, שוין אריבער דרייסיג יאהר, האָט אָפט גע־ליטען פון קאָפּ־שמערצען. אין דעם האָט זי געהערט, אז א נייער דאָקטאר איז אראָפּגעקומען אין שטעטעל, און האָט איהם גע־שיקט רופען.

האַט נאָר זעקס שטעקענס פון מיר באקומען! לאָזט זשע ער זאל פון מיר באקומען די איבעריגע 14 שטעקענס און זאָל איך ניט ליידען קיין היזק!...

נאָר דער משרת האָט זיך איבערגעשראָקען פאר הערשעלס שטעקענס און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער קאפּאָטע.

———:———

## הערשעל באשטראפט זיין ווייב.

הערשעלס ווייב — א אידענע אָהן חכמות — פלעגט קיין מאָל ניט פאָלגען דעם מאן, שטענדיג האָט זי געטאָהן קאפויר פון וואָס ער האָט געזאָגט. דאָס האָט הערשלען פארדראָסען און ער האָט זיך באשלאָסען ער זאל זי באשטראפען אזוי ווי איהם פאסט.

הערשעל איז געווען א חשוב ביים פריץ פון דער שטאָט, וועלכער איז אויך געווען א באריהמטער צאָהנארצט. איין מאָל קומט הערשעל אריין צום פריץ מיט א פארזאָרגטען פנים.

— וואָס איז, הערשעל? וואס ביזט דו אזוי פארזאָרגט? — פרעגט איהם דער פריץ.

— אך, פריץ! דאָס ווייב מיינס גיט מיר גאָר קיין מנוחה ניט! כאָטש נעהם און אנטלויף אין דער ווייטער וועלט אריין! וויפיעל מאָל איך האָב זי שוין געבעטען זי זאל זיך לאָזען ארויסנעהמען דעם שלאפען צאָהן, איז זי אבער אן עקשנ׳טע און וויל דאָס אפילו ניט הערען. סיידען דו אליין זאָלסט זיך נעהמען צו איהר...

— שוין! — האָט געענטפערט דער פריץ. — איך וועל איהר באפרייען פון דעם קראנקען צאָהן, דעמאָלט וו׳עט איהר ביידע באפרייט ווערען פון די שמערצען.

גרעסטען כעס אנטלאָפען געוואָרען צום פרנס-חדש און האָט איהם דערצעהלט וואס הערשעל האָט איהם געטאָהן. דער פרנס-חדש האָט געשיקט נאָך הערשלען און געפרעגט איהם, העכסט אויפגעבראכט:

— ווי אזוי האָסט דו זיך אונטערגעשטעלט צו שלאָגען מיין משרת אינמיטען גאס,, ווען ער האָט דיך גאר ניט אָנגערירט?

— ניין, — ענטפערט הערשעל, — איך האָב איהם ניט געשלאָגען, נאָר איך האָב איהם פארקויפט די קאפאטע פאר דעם זעלבען פרייז וואס זי קאָסט מיך אליין.

— איך פערשטעה דיך ניט, רעד דייטליכער! — זאָגט דער פרנס חודש.

— די מעשה דערפון איז אזוי, — זאָגט הערשעל — די דאָזיגע קאפּאָטע האָב איך באקומען פון אייך א מתנה, נאָר איידער איהר האָט זי מיר געגעבען, האָט איהר פריהער אָפּגעצעהלט צוואנציג שטעקענס אויף מיין פלייצע און אזוי ווי אייער משרת איז מרוצה געוואָרען צו קויפען ביי מיר די קאפּאָטע פאר דער פרייז וואס איך האָב באצאָהלט, האָב איך אָנגעהויבען איהם צוצעהלען די שטעקענס.

דער פרנס-חדש האָט זיך צולאכט. נאָר פאר דעם קנס וואס הערשעל האָט מביש געשטעלט דעם משרת, האָט ער איהם געהייסען ער זאָל דעם משרת אוועקגעבען די קאפּאָטע. הערשעל איז געוואָרען א צוקאָכטער.

— סטייטש. — שרייט ער, — וואו איז דאָס גְעהערט געוואָרען אין דער וועלט אזא אומרעכט?

— וואָס איז דאָס פאר אַזאַ אומרעכט? — פרעגט איהם דער פרנס-חדש.

— אודאי! — שרייט הערשעל — מיך קאָסט די קאפּאָטע צוואנציג שטעקענס אויף מיין אָרעמער פלייצע און אייער משרת

אומגליק איז איהם נאָך אויסגעקומען צו זיצען פּונקט אנטקעגען הערשעלען. דאָ האָט זיך חייקעל מישב געווען צו געבען הערש־לען א שטאָכוואָרט, אפשר וועט ער שוין דעמאָלט קלוג ווערען און וועט אויפהערען צו פּלוידערען נארישקייט.

ער האָט א פרעג געטאָן הערשלען:

— זאָג מיר, הערשעל, ווי ווייט איז פון דיר ביז דאס נארישע עזעל?

— גאָר ניט ווייט! — ענטפערט הערשעל — נאָר דער טיש אליין שיידט אָפּ איינעם פון׳ם אנדערען.

דער חקרן האָט פארשטאַנען דעם שטאָכוואָרט און פארבי־סען מיט די ליפּען.

———:———

## הערשעל פארקויפט פאר זיין פּרייז.

די קאפּאָטע וואס הערשעל האָט באקומען פאר א מתנה פון׳ם פּרנס-חדש איז נאָך געווען א גאנץ נייע און א טייערע. איין מאָל אין א יום טוב, ווען הערשעל האָט זיך אויסגעפּראָנטעוועט אין דער דאָזיגער קאפּאָטע, איז ער זיך אוועק שפּאצירען איבער דער שטאָט מיט דעם שטעקען אין דער האנט. ערשט עס קומט איהם אנטקעגען דער משרת פון פּרנס חדש און פרעגט איהם, אויב ער וואָלט א בעלן געווען איהם פארקויפען די קאפּאָטע?

— אך, פארוואס נישט! — ענטפערט הערשעל — איך קען זי דיר אפילו פארקויפען פאר דעם פּרייז, וואָס זי קאָסט מיך אליין.

און מיט די ווערטער האָט ער געכאפּט דעם שטעקען און האָט מיט איהם אָנגעהויבען צו שלאָגען דעם משרת, צעהלענדיג די קלעפּ: איינס, צוויי. דריי, א. ז. וו. דער משרת איז מיט׳ן

## גלויב ניט וואָס מען זאָגט.

הערשעל קומט אמאָל אריין אין בית המדרש דאוונען, לויפט צו איהם צו א יונג איידימעל און זאָגט מיט א שמייכעל, אז אלע זאָלען הערען:

— ר׳ הערשעל! מען זאָגט אויף אייך, אז איהר זייט א נאַר!

— גלויב ניט, וואס מען זאָגט — ענטפערט הערשעל — אַט זאָגט מען אויף דיר, אז דו ביזט א קלוגער. נו, וועט עס אי־מעצער דען גלויבען?

———:———

## וויפיעל נאַראָנים זיינען דאָ אויף דער וועלט.

איינער מיט א נאקעטען קאָפּ פרעגט אמאָל הערשלען:

— וויפיעל נאַראָנים אזעלכע ווי איהר, זיינען דאָ אויף דער וועלט?

— אזוי פיעל — ענטפערט הערשעל — וויפיעל האָר עס זיינען דאָ אויף דיין קלוגען קאָפּ.

———:———

## דער חילוק פון אַן עזעל ביז אַ נאַר.

אויף א ברית מילה, אויף וועלכען עס האָט זיך פארזאַמעלט א גרויסער עולם, האָט הערשעל מסתמא אויך ניט געפעהלט און האָט אונטערגעהאלטען דעם עולם מיט זיינע קלוגע וויצען.

איינער פון דעם עולם, וועלכען מען האָט גערופען חייקעל חקרן, האָט ניט געקאָנט ליידען הערשעלס נארישקייטען. צום

# הערשעלע אסטראפאלער

— און —

# מאטקע חב״ד

זייערע אנעקדאטען, וויצען, סצענעס און שטוקעס
ניי־בעארבייטעט

פון

מ. שטערן.

סטאַר היברו בוק קאָמפּאַני

STAR HEBREW BOOK CO.

